# שול-גראמאטיק

## אין בײַשפּילן און אױפגאַבעס.

---

## ערשטער קאנצענטער.

---

פאַרלאַג „ליכט“ קאָװנע.
ת״ר״פ״ב

דרוקערײַ «אַרבעט» קאָװנע, דאָװקאַנט גאַס № 16

*Judelis Markas.*

# MOKYKLOS GRAMATIKA

## pavyzdžiuose ir uždaviniuose

PIRMASIS KONCENTRAS

Knygų leidimo b-vė
«LICHT» (ŠVIESA)
Kaunas, 1921.

Spaustuvė „Darbas", Kaunas, Daukanto g-ve 18.

# הקדמה·

דער לימוד פון דער יידישער גראמאטיק איז׳ לויט מיינע דערפארונגען׳ אוועקגעשטעלט אין אונזער יונגער יידישער שול איינגאנצן צופעליק׳ אן א פלאן און נעבעכדיק׳ ער ווערט באהאנדלט כלאחר־יד׳ אמאל אפילו מיט א געוויסן ביטול צום לימוד׳ עפעס ווי מען וואלט זיך אראפגעלאזט׳ געגנידערט צו אים׳ שולדיק זיינען די פאראורטיילען און די פאלשע השגות׳ וואס מען האט ביי אונז וועגן דעם לימוד פון גראמאטיק׳ די קנאפע פילאלאגישע ידיעות פון אונזערע לערער און על־פי־רוב—עס פעלן אונז הן ווויסנשאפטליכע ווערק (וואס זאלן זיין צוטריטלעך פאר דעם לערער) הן פראקטישע שולגראמאטיקעס·

און לגמרי איז ניט בנמצא אט דער צווייטער מין ביכער׳ וואס זיינען אזוי נייטיק פארן געהעריקן אוועקשטעל פון אונזער לימוד· אונזער שול ווארט נאך אויף די מענטשן׳ וואס זאלן באזיצן א באמת—פילאלאגישע באהאוונטקייט אין אלע פראגעס׳ וואס זיינען צונויפגעבונדען מיט דער יידישער וויסנשאפטלעכער גראמאטיק׳ און וואס גלייכצייטיק זאלן זיי אויך זיין פעדאגאגן—פראקטיקער׳ נאר אזוינע מענטשן קענען און דארפן זיין די שאפער פון א שולגראמאטיק מיט א דויערנדיקן ווערט· ליידער קען דער מחבר פון דעם דאזיקן ביכל בשום אופן ניט פאררעכנט ווערן צווישן זיי׳ און דערום וואלט ער גאר קיינמאל ניט־געהאט די דרייסטקייט זיך צו פארנעמען מיט אזא פאראנטווארטלעכער ארבעט· גאר אן א שום פארטיקן לכתחילהדיקן מיין צו שאפן א שולגראמאטיק׳ נאר עפעס פונזיכדיק׳ אין פראצעס פון טאגטעגלעכן גרייטן זיך צו די יידישע שעהן אין משך פון א גאנצן שוליאר׳ איז אויסגעוואקסן דאס ביכל· און אזוי ווי אויף דערווייל׳ אין דער פולקומער פוסטקייט׳ קען עס אפשר ברענגען עפעס א נוצן׳ לייגט עס דער מחבר פאר דעם משפט פון אונזערע לערער·

איך האב זיך געפלייסט דורכצופירן אין מיין ארבעט פאלגענדעס: דער לימוד פון גראמאטיק מוז געפירט ווערן שטרענג אינדוקטיוו· די אלע כללים׳ ווי מען רופט עס געוויינטליך׳ דארפן ווערן פון די שילער גופא אויסגעזוכט׳ אויסגעפירט פון דעם מאטעריאל׳ וואס זיי באטראכטן· דער תלמיד לערנט ניט עפעס א פארטיקע זאך׳ ער איז ניט קיין מעלה־גרה־אפאראט—ער מוז זיין אליין דער פארשער און דער זוכער· די הויפט אויפגאבע איז צוגעוויינען די תלמידים זיך צוצוקוקן און זיך פונאנדערצוקלייבן אין די שפראכפארמען און שפראכערשיינונגען׳ די שעה׳ן פון גראמאטיק דארפן ניט זיין קיין טויטע׳ נודנע׳ פארטעמפנדיקע שעהן׳ דאס לערנען גראמאטיק איז עפעס אנדערש ווי האקן „זובערוועץ״ „טשעסנאק־טשעסנאקא״ א· א· וו·

דאס אלץ איז קלאר׳ אויבנאויפיק און ממילאדיק· אבער ביים דורכפירן עס אין דער פראקטיק שטויסט מען זיך אן אויף א ריי שוועריקייטן· ראשית׳ מוז מען איינזעען׳ אז דער געוויינלעכער׳ דער סקארבאווער סדר פון פונאנדערטיילן דאס לער מאטעריאל דארף אפגעווארפן ווערן· דערום ווערט דא פארגעלייג

אן אנדער סדר, וואס איך האב אים אויסגעפרווט אויף תלמידים פון אונזער ווילקאמירער רעאל־גימנאזיע. אזוי, למשל, דארף אין דער שול־גראמאטיק ניט עקסיסטירן קיין צעטיילונג אויף סינטאקסיס און עטימאלאגיע. אויב מען וויל פירן דעם לימוד אינדוקטיוו, אויב מען וויל די גאנצע צייט האבן צו טאן מיט א באוואוסטזיניקער באציאונג מצד די שילער, דארף, דוכט זיך מיר, אנגעהויבן ווערן פון באטראכטן א גאנצן זאץ א. א. וו. בכלל איז דער סדר פון פונאנדערטיילן דאס מאטעריאל דער שווער־פונקט פון דער סיסטעם, און איך וואלט האלטן מיין אויפגאבע פאר געלייזט, אויב דאס ביכל וועט שטויסן דעם לערער צו קלערן אין דער ריכטונג. צווייטנס, דארף געדרונגען ווערן, אז די וויכטיקסטע טיילן פון א שול־גראמאטיק זיינען די ביישפילן, וואס זיינען צוגעגרייט פאר דעם באטראכטן און אנאליזירן, און די אויפגאבעס. דער אזוי גערופענער כלל איז פרינציפיעל איבעריק און אומנוציק. די אויספירן, וואס איך האב אבער זיי געגעבן אן ארט אין גראמאטיק, זיינען אפשר מער פאר דעם לערער ווי פאר דעם שילער. דערום שטרעבן זיי אויך ניט צו זיין קורץ. ס׳איז ניט קיין געזעץ און ס׳איז אויף דעם ניט חל דאס לאטייניש װערטל. מען טאר די דאזיקע אויספירן בשום אופן ניט באטראכטן ווי א מאטעריאל צו חזרן, צו „זובּרעווען”. פונקט אזוי ווי עס זיינען אפשר איבעריק די אויספירן, וואלט מען זיך געקענט באגיין אן דעם אנווייז וואס צו טאן מיט דער אויפגאבע (א פאר אויפגאבעס זיינען טאקע פאראן אזוינע). בכלל זאל שוין דער לערער קלערן, זאל ער צופאסן עס צו די ידיעות, פעאיקייטן און אלגעמיינער אנטוויקלונג פון קלאס ביים פארווענדן דאס געזאמלטע מאטעריאל און ביים אויסוויילן אפשר נאר א טייל פון אים.

נאך א פאר באמערקונגען. דאס גאנצע מאטעריאל פאר ביישפילן און אויפגאבעס איז גענומען נאר פון ליטעראטור. ס׳איז כמעט אומעטום אנגעוויזן געווארן דער מקור. מיינע אייגענע ביישפילן זיינען דארטן ניט בנמצא. פארשטייט זיך, אז דאס האט אפגענומען מוראדיק פיל צייט און געפאדערט א סך געדולד. ס׳רוב זיינען די ביישפילן אזוינע, אז זייער אינהאלט זאל ניט זיין פרעמד דעם קינד, אז עס זאל קענען אפילו וויסן, פון וואנעט זיי זיינען גענומען. ס׳איז אבער אויך פאראן א קליינע צאל צופעליקע ביישפילן. די טערמינאלאגיע איז כמעט אינגאנצן אן אלטע. נאר א פאר טערמינען זיינען אומגעביטן, ס׳רוב פארגרינגערט געווארן. די ארטאגראפיע איז שטרענג און כשר זלמן רייזענס, ניט ווייל זי איז מסיני אדער ווייל מען קען און מען דארף צו איר קיין טענות ניט האבן, נייערט ווייל זי איז מער פארשפרייט אין אונזערע שולן און אפשר אויך מער אויסגעהאלטן. איין קליינע נפקא־מינהלע: נאך „נג” און „נק” קומט ביי מיר אן „ע” פאר דעם „ן” אפילו אין בייווערטער אויך. (למשל: די יונגען און דעם יונגען מענטשן. פארגלייך זלמן רייזענס „גראמאטיק פון דער יידישער שפראך” 157 §) א ביסל געוואגט איז אפשר אין דער פראגע וועגן אפשטעלצייכנס, צו וועלכע מען באציט זיך ביי אונז מיט א פריקרער גלייכגילטיקייט און אפגעלאזנקייט. אין דער פראקטיק שטעלט מען זיי סתם אזוי ווי ס׳פאלט איין, איטלעכער נאך זיין שיטה אדער גאר אן א שיטה — און אין דער טעאריע האלט מען זיך שטרענג אן דער רוסישער סיסטעם. ס׳איז מיין טיפסטע איבערצייגונג, אז דער קאנסעקווענטער לאגיזם מיט זיין פיל־כללימדיקייט און גאנצן האמעטנעם קאפערגעצייג פון דער רוסישער פונקטואציע איז לחלוטין ניט צוגעפאסט צו דער רירעוודיקייט און אומלאגישקייט פון אונזער יידישן סטיל. מען דארף טאקע טעארעטיש, פונקט ווי ס׳איז טיילווייז אויך דורכגעפירט אין דער פראקטיק, זען צו דערנענטערן די כללים וועגן אפשטעל־צייכנס צו דער פראנצויזיש־ענגלישער סיסטעם. אין דעם ביכל איז נאך ניט אויסגעקומען צו געבן א פולקומע זאמלונג פון כללים וועגן אפשטעלצייכנס, וואס מען קען עס בשום אופן ניט נעמען אויף זיך, אבער שוין דא איז באוואוסטזיניק אפגעווייכט פון א טייל „רוסישע” כללים. אויב מיר באציען זיך

אזוי שטרענג צום דייטשמעריש, דארפֿן מיר אבער אויך ניט דערלאזן קיין רוסי־ציזמען, וואס זיינען ניט צוגעפאסט צו דעם כאראקטער פֿון יידיש.

לסוף מוז איך אויסדריקן מיין דאנק מיינע חבֿרים פֿון פעדאגאגישן ראט פֿון דער ווילקאמירער יידישער רעאלגימנאזיע, מיט וועלכע ס'איז אויסגעקומען זיך צו בעראטן אין משך פֿון דער ארבעט, און א ריי תלמידים פֿון דער זעלבי־קער גימנאזיע, וואס האבן אויף פֿארשיידענע אופֿנים מיר געהאלפֿן. א באזונדערן דאנק קומט ה' ז. קאלמאנאוויטש פֿאר א גאנצער ריי זעער וויכטיקע אנווייזונגען און תיקונים ווי אויך פֿארן איבערקוקן דאס גאנצע ביכל.

**יודל מאַרק.**

ווילקאמיר אויגוסט, 1921.



# פּאַרקירצונגען.

אַד. — אַדלער.
איינ. — איינהאָרן.
באוו. — באוושאווער.
ביאַל. — ביאַליק.
בערג.׳ בערגל. — בערגלסאָן.
בראָד. — בראָדערזאָן.
גר. ביימ. — „גרינינקע ביימעלעך“.
דאָב.׳ דאָבר. — דאָברושין.
דינ. — דינעזאָן.
הורוו. — ש. הורוויטש.
הירש. — פּרץ הירשביין.
וואַרש. — וואַרשאַווסקי.
וויַס, ווייסנ. — וויַסנבערג.
ווינטש. — ווינטשעווסקי.
זינג. — זינגמאַן.
זשיט. — זשיטניצקי.
ידיד. — ידידאָוויטש.
מ. — מנחם.
מ. ל. — מאַני לייב.
מרד. — ר׳ מרדכילע.
נאָמ. — נאָמבערג.
נייד. — נייַדוס.
סט. — סטאַווסקי.
סעג. — סעגאַלאָוויטש.
ספּ. — ספּעקטאָר.
פ. ליד — פאָלקסליד.
פרט. — פאָלקסרעטעניש.
פייג, פייגנ. — פייַגנבערג רחל.
פיכ. — פיכמאַן.
פריד. — פרידקין.
קאַצ.׳ קאצנ, — קאַצנעלסאָן יצחק.
קוו. — קוויטקאָ.
קול. — קולבאַק.
ראַוו. — ראַווין.
ראָס. — ראָסין.
ר. י. — ראָזנפעלד יונה.
ר. מ. — ראָזנפעלד מאָריס.
ריוו. — ריוועסמאַן.
ר.׳ רייז. — רייזין אַברהם.
ר. ש. — רייזין שרה.
שוו. — שווארץ.
שט. — שטיינבערג יעקב.
שנ. — שניאור.
ש״ע. — שלום־עליכם.
שפּר. — שפּריכוואָרט.

# I. פשוטער אומפארברייטערטער זאץ.

## א. וועגן געדאנק.

### דערקלערונג:

1. אויסנוצן א הארבסטבילד.

2. שטעלט זיך פאר דעם פסחדיקן סדר. דערציילט וועגן אים.

3. דערמאנט זיך אן דעם לעצטן שפאציר, אן דעם פאראיאריקן שולאוונט. דערציילט וועגן זיי.

4. נעמט זיך אריין א צאל אין קאפ; כפלט עס אויף 5 און פון רעזולטאט נעמט אראפ 5. לאמיר זאגן, אז איצט האבן מיר באקומען די צאל 60. ווייס איך שוין, וואסער צאל איר האט געהאט אין זינען.

5. אויף א האלבן דאך דארף מען הונדערט שינדלען. וויפיל דארף מען אויף א גאנצן דאך? (פרט.)

6. א ייד האט געדארפט אריבערפירן איבער א טייך א ציג, א וואלף און א קעפל קרויט. אין שיפל האט געקאנט אריינגיין פאר אמאל נאר ~~ייר ייד~~ מיט איינער פון די דריי זאכן. איבערלאזן אויף איין זייט דעם וואלף מיט דער ~~ציג~~ האט ער ניט געקאנט, ווייל דער וואלף וואלט אויפגעגעסן די ציג. איבערלאזן די ציג מיטן קעפל קרויט האט ער אויך ניט געקאנט, ווייל די ציג וואלט אויפגעגעסן די קרויט. ווי אזוי האט ער פונדעסטוועגן אריבערגעפירט אלע דריי זאכן? (פרט.)

### אויספיר § 1:

איידער מען באשרייבט, וואס מען זעט אויף דעם בילד, באקוקט מען עס, באקומט מען א קלארע פארשטעלונג וועגן דעם בילד און מען באקלערט וואס און ווי אזוי צו באשרייבן. איידער מען גיט די ריכטיקע תשובה אויף די רעכענישן באטראכט מען עס פריער פאר זיך, מען דענקט נאך. אלעמאל איידער מיר זאגן עפעס אדער מיר שרייבן עפעס אויף, שטעלן מיר זיך עס פאר, מיר דערמאנען זיך וועגן דעם ענין אדער מיר באקלערן וואס צו זאגן, וואס אויפצושרייבן.

### אויפגאבעם:

1. אנו, טרעפט אטביידע רעטענישן:

א) אלץ גייט אין דעם אריין, וואס איז דאס?

ב) וואָס איז די גיכסטע זאַך אויף דער וועלט? (פרט.)

2. ווי מיינט איר, אַז איך האָב געגעבן פאַלשע תשובות אויף די רעטעניש, האָב איך טאַקע גאָרנישט געקלערט אָדער אפשר האָב איך געהאַט אַ טעות איבער אַן אַנדער סיבה? צי איז ריכטיק, וואָס מען זאָגט וועגן אַ גיכער און פאַלשער תשובה: „האָסט געענטפערט ניט געקלערטערהיים”?

# ב. זאַך און וואָרט.

## דערקלערונג:

1. עס איז דער האַרבסט געקומען (ר.). עס קוקן צווייגן נאַקעטע (יהואָש). געלע בלעטער וואַלגערן זיך אום (ר.). איך האָב אַריינגענומען די צאָל 13. דער ייד האָט פריער גענומען מיט זיך די ציג.

2. עס זיינען האַרבסט קומען, די גיין ברעגגען פירן קו הערנער פּאַשע. משקע רעטעך בוידים ציבעלע שפּרינגען אָנע וואַנע טאַטעניע, סיע וויע קאָמפּאַניע, סאַלעוו ראַקע, טיקע טאַקע, סיע וויע וואָן (פ. ליד). ניטאַזוימאַכטזיך ווייעסטראַכטזיך (שפּר.)

## אויספיר § 2:

אויב מיר זאָגן אַרויס אָדער מיר שרייבן אויף, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר אָדער וואָס מיר טראַכטן וועגן אַ זאַך, באַקומט זיך אַ זאַך. די מענטשלעכע רייד באַשטייט פון זאַצן. דער זאַץ באַשטייט פון ווערטער. אָבער אַ מישמאַש פון ווערטער אָן אַ סדר און אָן אַ זינען איז ניט קיין זאַץ: דער זאַץ מוז האָבן עפּעס אַ באַטייט, אַ זינען. די ווערטער אין זאַץ מוזן שטיין אין אַ געוויסן סדר.

ניט אַלץ, וואָס איך קען אויסריידן אָדער אויפשרייבן, איז אַ וואָרט. איטלעכעס וואָרט באַזונדער האָט זיך אויך זיין באַטייט. די ווערטער אין זאַץ ווערן געטריבן אָפּגערוקט, אָפּגעטיילט איינס פון צווייטן.

## אויפגאַבעס:

3. טיילט אָפּ איין וואָרט פון צווייטן (געדענקט אַגב וועגן כ—ך, מ—ם, נ—ן, פ—ף, צ—ץ).

אַפּלעקעלעאַריינאַפּלעקעלעאַרויס — דימעשהאיזאויס (פ. ליד). — משהאיזמיינער! — ווואָסמענאימגעפונען? — אונטערנקעלער. — וואָסהאָטמענאימגעגעבנצוועסן? — דרייַמייזאויפאַטעלער (פ. ליד). אַזוּמענציטצופילאָנאַסטרונעפלאַצטזי (שפר.). אַלעוועטזיינעפאַרהאַנגענפונאויבנביזאַראַפּמיטביקסן (ש. ע.). גיכאַראָפּדימיצעלעך! פאַרדינערלעכפאַרניצערלעך. — שטייפאויסגעגלייכטוויאַפּלאָקן. זאָלרעגננעצנקעפּעלעכוויבאַרעלעכויעפּעלעך — וועלנמירגיכערוואַקסנ! (קווי.) אַרעגנדלאיזגאַטסגענאַד, קומטאַרויסאונטאַנצטאַראַד מיטבלויזעפיסאונקעפּעלעך. גאָרנישטקלערנגאָרנישטפרעגן, קינדערוואַקסנאויפנרעגן ווידיבלומענווידיזאַנגען! נאַקעטעקעפּעלעכנאַקעטעפיס—וואַקסטפונירעדנקינדזאַריזביזנהימלצודערלאַנגען (פרץ).

4. א). שטעלט צונויף זאַצן פון אַט די ווערטער:

פון זי אַ האָט שטורם־ווינט אויפגעוועקט שלאָף שטאַרקער זיסן. שבתדיק אויפן באָבע די געקליידט זיצט פריזבע. אָפּגעריסן גבורה בוים מירעלען באַלד. האָט דעם ער פון מיט. האַרבסטצייט וואַלד שפּאַצירן זיי פאַרנאַכט איבער גייען אין אַמאָל. (איר ווערט באַקומען זאַצן פון ראַסינס „באָבע־מעשיות”). שטיין נאָר קלוגע קענען וואָסער צ.אַ. אין אַרויסנעמען צען וואַרפט ניט אַז אַריין. גוט גוט דער דער לעבן לעבן זיצן וואויבען איז צו זון איז מאַמען צו. (איר באַקומט שפּריכווערטער).

ב)

| | | | |
|---|---|---|---|
| קליינע | גאָט | פּאר | רעגן |
| העַנטלעך | די | גיב | אין |
| אַ | געטרייַער | שיינע | זינגען |
| קינדערס | רינגען | פּאר | די |
| קינדער | קליינע | די | וועגן |

קענט איר עפּעס פאַרשטיין פון דעם, וואָס דאָ איז אָנגעשריבן ?

(גרי. ביימ.)

## ג. זאַכוואָרט און זאָגוואָרט.

**דערקלערונג:**

1. **די גרעזעלעך** בליען (פּיכ.). **דאָס בינעלע** **זשומעט** (פרוג). **חיים** שרייט. **יאָסל** קייכט זיך (דודל). **זיי** זעען (ריוו.). **אַ ווינט** **פייפט** (פּ. ליד). **עס** איז געווען **דער משוגענער** (פרץ). **דער פרילינג**. **דער פרילינג** וועט קומען (פרוג).

2. **איך** גיי. **איך** קום (ביאַל.). **דאָס טייבעלע** **וואָרקעט**. **דאָס טייבעלע** **רופט** (פרוג). **יידן** **זיפצן**. **יידן** **קרעכצן**. **יידן** **וויינען** (ש. ע.). **עס** **טריקענען** **די גראָזן** (יהואש). **די צורה** **איז** **אַ בלייכע** (ריוו.). **בלוי** **איז** **געווען** **דער הימל** (ש. ר.). **אַ רעגן** **טריפט** **און** **טריפט** (זאָב.). **ס'פייפט** **און** **ברומט** **דער ווינט** (נאָמ.).

### אויספיר § 3.

אַ זאַץ באַקומט זיך, ווען איך טראַכט וועגן עפּעס אַ זאַך און איך זאָג אַרויס, וואָס איך טראַכט וועגן דער זאַך. דאָס וואָרט, וואָס באַצייכנט די זאַך, וואָס וועגן איר רעדט זיך אין זאַץ, הייסט **זאַכוואָרט**. דאָס זאַכוואָרט ענטפערט אויף די פראַגעס: **ווער ? וואָס ?** (ווער שרייט ? — **חיים שרייט**. — וואָס וועט קומען ? — דער פרילינג וועט קומען).

דאָס זאַכוואָרט גופא איז נאָך אָבער ניט קיין זאַץ. ס'איז נאָר איין טייל פונם זאַץ. כדי עס זאָל זיך באַקומען אַ זאַץ, דאַרף מען עפּעס זאָגן וועגן זאַכוואָרט: וואָס עס טוט, וואָס מיט דעם געשעהט, ווי עס איז אָדער וואָס עס איז. דאָס וואָרט, וואָס זאָגט אונז, וואָס טוט אָדער וואָס איז דאָס זאַכוואָרט, הייסט **זאָגוואָרט**. דאָס זאָגוואָרט ענטפערט אויף די פראַגעס: וואָס טוט די זאַך ? וואָס האָט די זאַך געטאָן ? וואָס וועט די זאַך טאָן? וואָס איז די זאַך?

זאַכווערטער אָדער זאָגווערטער קאָנען זיין אין איין זאַץ צוויי אָדער אַפילו מער.

### אויפגאַבעס:

**5. טראַכט צו און שרייבט אויף פינף זאַצן, וואָס יעדער פון זיי זאָל באַשטיין נאָר פון צוויי ווערטער: פון זאַכוואָרט און זאָגוואָרט.**

6. **צו די געגעבענע** זאַכוועטערע צוזאַמען געהעריקע זאַגווערטער און **צונויפשטעלן זאַצן:**

לייבעלע, די שול, דער אמת, אַ גזלן, עפּל, דער חבר, רעכענען, פּרק, „דער **קונצנמאַכער**", דער זאַטער, דער שנייהאַר, אַ מעשהלע.

7. **צונויפשטעלן** אַזוינע זאַצן, וואָס זאָלן באַרמאָגן פאָלגנדיקע זאַגווערטער: שרייט, קלאַפּט, וועט פאַרבייגיין, האָט גערעדט, איז געוועזן שיין, איז אַ **בהמה**, איז אַ שרייבער, איז אַ קינדערזשורנאַל, איז געוועזן זיס, ווערט באַשטראָפט, **איז אַ ליגן**, ווערט פינסטער.

8. **שרייבט אויף** אָט די זאַצן און שטרייכלט אונטער דאָס זאַכוואָרט: די ווייַנשלבי־די טייבעלעך ברומען (פּיכ). די פישעלעך שווימען (פּרוג). די דרעמלען (סעג). דער מעבר ליען (אַד). אַ רעגן גייט (פּ. לידי). ער רופט (ר). זיי דרעמלען (סעג). דער **עולם שלאָפט** (ש. ע). עס בליען די ביימער. עס שפּראָצן די בלומען (פּרוג). עס ציען זיך וואָלקנס. עס טונקלט דער הימל (אַד). די פייגעלעך דרעמלען (יהואש). **איך** ציען זיך וואָלקנס. א וועכטער גייט (מ). איך **די באָבעניו** שווייַגט. דאָס לעמפּעלע צאַנקט (פּרוג). **שטיל** איז דער רופט (ר). **איך** די באָבעניו שווייַגט. דאָס קלעמט דאָס האַרץ (ר). **שטיל איז** שפּרינג **אויף**. (פּרץ) די לבנה שווימט (מ). עס קלעמט דאָס האַרץ (ר). **שטיל איז** שפּרינג **אויף**. (פּרץ) **שיין** איז **דער פרילינג**. **דער** ים (פּרץ). עס גיסן רעגנס. עס בלאָזן ווינטן (סעג). שיין איז דער פרילינג. (פּרץ). עס איז זומער געוועזן (ר). ווערט דאָס מיידל שטיל. (פּרץ) יאַנקעלע וויל אַ יעגער זיין (פּרץ).

9. **שטרייכלט אונטער** דאָס זאָגוואָרט: די שול ברענט (אַש). האַמעריס קלאַפּן. זעגן זשומען (רובין). דער אויוון הייצט זיך. עס קאָכט זיך וועטשערע (מענדעלע). עס טרילערט דער קאַנאַריק (מ. ר). עס שעפּטשעט די מאַמע (אַד). דער האָרבסט איז גרוי און קאַלט (ש. ר). ס'איז גרויס די סכנה (מ. ר). די ערד האָט זיך באַנייט (פּרץ). איך קוק זיך איין (סעג). דער סאָד איז שטיל (יהואש). דער הולץ האָט געגלאַנצט (ביאַל). אַ שטיפּ־מוטער איז אַ שטאָכמוטער (שפּר). עס איז די צייט געקומען (יהואש). דער טאַטע איז קראַנק (ש.—ע). סוחרים זיינען זיי (פּרץ). ער איז אַ כעסן (ש.—ע). די מיידל איז בלייך געוואָרן (אַש). דער ווינט האָט זיך געלייגט (פּרץ). די קינדער זיינען געוועזן אויפגערוימט (אַש).

10. **שטרייכלט אונטער** דאָס זאַכוואָרט מיט איין שטריכל און דאָס זאָגוואָרט מיט צוויי שטריכלעך:

**די רעדער** שטייען. דער טייך איז טרוקן (ריוו). עס שלעפט זיך אַ פורל. עס סקריפּעט אַן אַקס (טייטש). פייגעלעך זינגען, טייכעלעך ברומען (ר). דער **טומל** וואַקסט (ר). עס שווייגט דער ווינט. די פישעלעך דרעמלען (יהואש). אַן **אלול**־ווינט ווייט (אד). די פעדערלעך פליען אוועק (סעג). דאָס פרעסטעלע שי־מערט (אד). עס איז געוועזן אַ נאַכט (שג). עס פאַלט אַראָפּ די נאַכט. (סעג). דער **וועג** איז פאַרוויים (מ. ל). קעצל האָרכט און קוקט (מרדי). ס'ווערט דאָס פערדל **אויסגעשפּאַנט** (שט). די לופט איז הייס און ווירציק (יהואש).

די שטוב איז קליין, די שטוב איז קאַלט,
דער שניידער נייט, די נאָדל דרייט,
ס'איז גרויס די נויט, ניטאָ קיין ברויט. (אַנסקי).

# ד. פּינטל און קאָמע, הויפּטגליד און ביי־גליד.

**דערקלערונג:**

1. די ביימעלעך בליען, די יאָרעלעך פליען (פּ. לידי). די נאַכט איז שטיל. די **נאַכט איז פינסטער**. די גערטנער שלאָפן (פּרוג). עס וויינען די קינדער, עס **קלאָגן די ווייבער** (מ. ר). פייגלען פליען און זיי וויינען, **און זיי רופן** (טייטש).

2. די גרעזעלעך בליען (וואו? ווי?)
די גרעזעלעך בליען אין פעלד אַלע גלייך (פיכ).
זיי שווימען (וואוהין?)
זיי שווימען צום ברעג (סעג).
ער וועט שיקן (וואָס? וויפיל?)
ער וועט שיקן צוואַנציק דאָלאַר (ש—ע).

**אויספיר § 4:**

ווען עס ענדיקט זיך דער זאַץ, שטעלט מען אַ פּ י נ ט ל. אָפטמאָל טיילט מען אָפּ איין זאַץ פון צווייטן דורך אַ ק אָ מ ע. דאָס טוט מען יעמאָלט, ווען די שייכות צווישן די זאַצן איז אַ נאָענטע און אַן ענגע (ס'טרעפן זיך אַמאָל אויך אַזעלכע זאַצן, וואָס ווערן ניט אָפּגעטיילט אפילו ניט מיט אַ קאָמע).

§ 5. דאָס זאַכוואָרט און דאָס זאָגוואָרט זיינען ז אַ צ ג ל י ד ע ר. אַחוץ זיי קען דער זאַץ האָבן נאָך אַנדערע גלידער, וואָס דערקלערן דאָס זאַכוואָרט אָדער דאָס זאָגוואָרט. אַזוי ווי ביידע שטעלן צונויף דעם זאַץ און אָן זיי איז דער זאַץ ניט מעגלעך, הייסן זיי טאַקע ה ו י פּ ט ג ל י ד ע ר. די איבעריקע גלידער אָבער, וואָס שטייען ביי די הויפּטגלידער און וואָס אָן זיי קען אויך צונויפגעשטעלט ווערן אַ זאַץ, זיינען ב יי ג ל י ד ע ר. אַ זאַץ, וואָס פאַרמאָגט ניט קיין בייגלידער, הייסט א ו מ פ אַ ר ב ר יי ט ע ר ט ע ר זאַץ און אַ זאַץ, וואָס האָט בייגלידער — הייסט פ אַ ר ב ר יי ט ע ר ט ע ר זאַץ.

**אויפגאבעס:**

11. טיילט אָפּ מיט אַ פּינטל איין זאַץ פון צווייטן.

**דאָס גראָז שמעקט די זשאַבעס קוואַקן (ש—ע). די זון פאַרגייט דער טייך ווערט פוסט (בערג). אין שטיבל ווערט פינסטער אין שטיבל ווערט שטיל (אד). די שול איז באַלויכטן אַ יאָרצייטליכט ברענט (סעג). די זון זעצט זיך די לופט ווערט קילער (ש—ע). עס פינקלען די שטערן עס סקריפּעט דער שניי (גרי. בי — קינדערשאַפונג). ברענט דאָס פייער שייטלעך קנאַקן (מ. ל). ס'רייטלען זיך בעקלעך עס פינקלען די אייגעלעך (ידיד). ער וועט העלפן איר וועט טויגן (מ. ר). ס'וויינט אַ קינד די וועלט איז וואַך (ביידי). דער אויפשטאַנד איז דערשטיקט בר־כוכבא איז שוין טויט (וואלט). עס ציטערן די הענט עס קלאַפּט דאָס האַרץ (ש—ע). עס זשוזשעט די פליג עס שפּרינגט משה־רבינוס קיעלע (מענדעלע). לאַנג וועט דויערן דער ווינטער זומער איז נאָך ווייט (ר). דאָס וויגעלע וויגט זיך דאָס לעמפּעלע ברענט די באָבעניו זיצט (פרוג). עס ציטערט די נאַכט דאָס פאָלק דערוואַכט דער שונא גייט (פרץ). דאָס נעזל גלאַנצט דער שטערן שוויצט דער טאָג איז קורץ דער וועג איז ווייט. (פרוג).**

12. טיילט אָפּ איין זאַץ פון צווייטן מיט אַ קאָמע.

**עס ליאַרימט דער ווינט עס הייבן זיך כוואַליעס (מ. ר). עמעץ פרייט זיך עמעץ לאַכט (טייטש). אַ קלאַפּ פאַרגייט אַ וואָרט באַשטייט (שפר). די נאַכט איז שטיל די לופט איז פריש (ש—ע). און דער הימל אויסגעשייערט און די זון האָט זיך צעפּייערט (פריד). דער קבר איז פאַרטיק דער קבר איז אָפן (אַנסקי). די אַלטע לערנט דאָס מיידעלע שטיקט און העפּט (פרץ). די אייגעלעך גלאַנצן די בעקעלעך רויט די פיסעלעך טאַנצן (ראוו). די בעקעלעך בליען דאָס הערצל הייבט זיך און ער סאָפּעט (אַד). און זיי וואַרימען און גלעטן און זיי קושן און זיי בעטן (ר) דער גאָרטן האָט געבליט די זון האָט געלויכטן און דער שוחט האָט געשאָכטן (ביאַל). דער מלך איז אָפּגעשטאָרבן די מלכה געוואָרן פאַרדאָרבן דער צווייג איז אָפּגע־בראָכן דאָס פייגעלע אַנטלאָפן (פ. ליד). איך בין אַ וועלפעלע פון וועלדל קום איך איך בין אַ שעפּסעלע דערפאַר אַ ברום איך (קאַצ).**

13. **טראַכט צו פינף פאַרברייטערטע זאַצן, שרייבט זיי אויף און שטרייכלט אונטער זייערע בייגלידער.**

14. **די אומפאַרברייטערטע זאַצן פון דער אויפגאַבע № 8 מאַכט איבער אין פאַרברייטערטע. שטרייכלט אונטער די גלידער, וואָס איר לייגט צו.**

15. אפשר וועט איר קענען אַנדערש אויסטייטשן, וואָס דאָס איז אַ פאַר־בּרייטערטער און אַן אומפאַרבּרייטערטער זאַץ (ניט ווי אין § 5).
16. אַנווייזן פאַרבּרייטערטע און אומפאַרבּרייטערטע זאַצן.

ה אַ ר ב ס ט.

ס'איז דער האַרבּסט געקומען,
ס'וועלקן בּוים און בּלום.
געלע בּלעטער, זע איך,
וואַלגערן זיך אום.
ס'קומט אַ ווינט אַ קאַלטער,
פייפט אַ לידל צו.
און די אָרימע בּלעטער
האָבּן ניט קיין רו.
הייבּן זיך און טאַנצן
טויטערהייט אָן מאַכט.
און דער ווינט דער בּייזער
פייפט און שפּילט און לאַכט.

אויפן שלאַכטפעלד אונטן, אויבּן פליען קוילן, מענטשן ליגן, מלכים שלאָגן זיך ווי לייבּן. כלאָפּעס פאַלן ווי די פליגן. פאָנען רוישן, שאָסן קראַכן. און די מחנות ציען ווייטער. ס'האָט אַ קויל געטראָפן סטאַכן, ס'קומט אַהיים דער מלך הייטער. (אברהם רייזען)

# II. זאַך, אייגנשאַפט, טואונג.

## א. וועגן זאַך.

### דערקלערונג:

1. און דער זמר ווערט אַלץ העכער און די קלאַנגען פעסטער, שטאַרקער, און עס בּאַמבּלט צו דער טאַטע מיט די פינגער אויף אַ טעצל; און די טעלער און די מעסער און די גאָפּלען און דער בּלאַנ־קער קידוש־בּעכער זינגען מיט דעם ניגון (אד.)

2. לאָז אַ הונט אויף דער בּאַנק, שפּרינגט ער אויף דעם טיש (שפּר.). די פיש אין טייכעלע איז נאָך ווייט פון בּייכעלע (שפּר.). אַלע שוסטער גייען בּאָרוועס (שפּר.). אויף אַן איינגעבּויגענעם בּוים שפּרינגען אַלע ציגן (שפּר.). אַ ליגנער מוז האָבּן אַ גוטן זכּרון (שפּר.).

שטול, קוימען, רויך, הימל, ליד, ריח, חלום, ווייטאָג, מענטש, שוועסטער, גזלן, גאַרבּער, פליג, הערינג, שלמה.

### אויספיר § 6

וואו איך זאָל זיך געפינען, אין קלאַס, אויפן פעלד אָדער אַנדערש וואו — אומעטום זע איך אַרום זיך פאַרשיידענע זאַכן. שטענדיק בּין איך אַרומגערינגלט מיט זאַכן. אַלצדינג וואָס עס איז פאַראַן אין דער וועלט איז אַ זאַך. ס'זיינען אויך פאַראַן זאַכן אויסגעטראַכטע, געמיינטע, וואָס נאָר אין זינען קען איך זיי האָבּן.

דאָס, וואָס עס איז דאָ אין דער וועלט, דעריקען איך דורך מיינע חושים. פאַראַן זאַכן, וואָס מען קען זיי אי זעען אי, למשל, אָנטאַפּן. ס'זיינען אָבּער אויך פאַראַן אַזעלכע זאַכן, וואָס מען קען זיי נאָר זעען אָדער נאָר הערן, אָדער אַפילו ניט זעען, ניט הערן, ניט אָנטאַפּן, נאָר מערגישט דערפילן.

טייל זאַכן אויף דער וועלט לעבן, טייל זײַנען ניטלעבעדיקע. דעריבער טיילן זיך טאַקע אַלע זאַכן אויף באַלעבטע זאַכן און אומבאַלעבטע זאַכן.

## ב. וועגן אייגנשאַפט.

### דערקלערונג:

1. שוואַרצע עפּל, רויטע עפּל בייגן צו דער ערד די צווייגן (ביאַל). דער ווײַסער שניי איז רויז געוואָרן און גרײַפּעלעך שניי ווײַסינקע, ראָזינקע, בלויאינקע האָבן געפֿינקלט אויף אַלע פֿעלדער (קולי). גיב אין זכות פֿון קינדער קליינע וואַסער לויטערע און ריינע (פּיכ.).

2. און וואָס זעט מען דאָרטן? — אַ וואַנט. אַ הויכע, אַ ברייטע, אַ גרויסע, אַ נאַסע וואַנט (ש.-ע.). איך טאַפּ אָן עטלעכע קליינע, גלאַטע, גליטשיקע הויזן־קנעפּלעך (ש.-ע.). און לעבן זאָל דער גרויסער, ליכטיקער יצחק־לייבוש פּרץ אין אײַך, ליבע יידישע קינדערלעך (דינ.)

### אויספֿיר § 7:

אָט האָבן מיר אַ פּאָר שטיקלעך פּאַפּיר פֿון אַלץ—איינער לענג און ברייט. אַלץ איז בײַ זיי גלײַך, נאָר דער קאָליר איז פֿאַרשיידן: איין שטיקל פּאַפּיר איז רויט, דאָס צווייטע ווייס, דאָס דריטע בלוי א. אַז. וו. רויט, ווײַס, בלוי זײַנען די אייגנשאַפֿטן פֿון די שטיקלעך פּאַפּיר. אָט האָבן מיר אַ פּאָר האַלטערס פֿון גלייכער פֿאַרב און לענג. נאָר איין האַלטער איז אַ גראָבער, דער צווייטער — אַ דינער. גראָב, דין זײַנען די אייגנשאַפֿטן פֿון די האַלטערס.

איטלעכע זאַך האָט זיך אירע אייגנשאַפֿטן. די אייגנשאַפֿט פֿון אַ זאַך ווייזט אָן, מיט וואָס איין זאַך אונטערשיידט זיך פֿון דער צווייטער. איין זאַך קען האָבן עטלעכע אייגנשאַפֿטן (ביישפּ. צוויי).

די אייגנשאַפֿט באַציט זיך שטענדיק צו דער זאַך און זי ענטפֿערט אויף די פֿראַגעס: וואָסער זאַך? וועלכע זאַך?

### אויפֿגאַבעס.

25. שרייבט אויף צוואַנציק נעמען פֿון אייגנשאַפֿטן פֿון פֿאַרשיידענע זאַכן.

26. טראַכט צו פּאַסיקע אייגנשאַפֿטן צו די געגעבענע זאַכן:

הונט, רוישער, בוך, העפֿט, וואָלקן, צוקער, האַרבסט, בוים, פֿיש, הויז, שבת, סוכות, מלך, מילך, נאַכט, קאַרש, ים, אַמעריקע, לאָנקע, חבר, לערער, יאָר, יאַגדע, צרה, ליד, וואָרט, שלום־עליכם.

27. שרייבט איבער די געגעבענע נעמען פֿון אייגנשאַפֿטן צוזאַמען מיט פּאַסיקע נעמען פֿון זאַכן.

שאַרפֿער... , ליבער... , געטרייע... , אַלטע... , די ווייכע... , אַ צאַרטע... דער ווייטער... , אַ הילצערנער... , די ליימענע... , אַ ווינטערדיקע... , דאָס גלעזערנע... , אַ מילכיקע... , דער פֿליישיקער... , אַ שעדלעכע... , דער טרוקענער... , די בלויע... , אַ פֿרישע... , אַ ליבלעך... , אַ דינינקער... , דער בעסטער... , נאַרישע... , אַ וואונדערלעכע... , פֿאַרביק... , זינדיק... , דאָס שענסטע...

28. קלערט צו ווייניקסטנס דריי אייגנשאַפֿטן, וואָס זאָלן זיך פּאַסן צו די געגעבענע זאַכן:

טאָג, זומער, פּנים, מוראַשקע, הימל, שטוב, מיידעלע, מענטש, בוך, שטאָט, ליטע, פֿאָלק.

29. שטרייכלט אונטער די נעמען פֿון די אייגנשאַפֿטן.

שוואַרצע קאַרשן רייסן מיר,
רויטע לאָזן מיר שטיין!
אַ גוטן חבר נעמען מיר,
אַ שלעכטן לאָזן מיר גיין. (פּ. ליד).

אַ ליבעס קינד איז געמילע, אַ קלײנע בלאָנדע מײדעלע (בײד.). ניט קײן וואָרים ליכטיק שטיבעלע האָט דער פײער מיר געמאַכט, אין אַ קאַלט און פינסטער גריבעלע ליג איך טאָג און נאַכט (פּרוג). עס אָטעמט אײַן די מידע ברוסט דעם פרישן קאַלטן ריח פון שוואַרצע פײַכטע ערד (שוו.). צו מיר, צו מיר, איר קרומע רוקנס, פאַרווײנטע אויגן, קראַנקעס האַרץ (פּרוג). אַ לאַנגער שלאַנקער קערפּער, אַ שיפּפאָרמיקער רוקן, הויכע און צאַרטע פיס, אַ ברײטער, געטאָקטער, לעבעדי־קער האַלז מיט אַ קלײנעם פּירקאַנטיקן קעפּעלע. געווען איז ער שטיפעריש, רי־רעוודיק, אומגעדולדיק און פול מיט לעבן (סט.). מען האָט דאָ געזען יונגע לײט, אויסגעווײקטע, מאָגערע און הויכע, מיט לאַנגע אויסגעשטרעקטע העלזער, אין שיך און אין ווײסע זאָקן, מיט פּאות לאַנגע, ווי דראָט געדרײטע, מיט קלײנע שפּיציקע ציגענע בערדלעך, און אויך יידן דיקע און פעטע, מיט ברײטע זײדענע גאַרטלען, געזונטע פּלײצעס און אָנגעשטעגדיקע פּנימער. שײנע בערד פון אַלערלײ פאַרבן: שוואַרצע, געלע, גרויע און גאַנץ ווײסע (דינעזאָן).

30. טרעפט דאָס רעטעניש: אַ ווײַסער מויער און אַ געלער מויער; ווײל מען צוקומען צום געלן, מוז מען צוברעכן דעם ווײַסן. (פּרט.)

31. שטרײַכלט אונטער די נעמען פון די זאַכן מיט אײן שטריכל און די נע־מען פון די אײגנשאַפטן מיט צווײ שטריכלעך.

אויף די שטילע בלויע וועלן
שווימט אַ שיפעלע אַ קלײנע;
און פון שיפל הער איך שטימען,
יונגע שטימען, זיסע, רײנע,
יונגע, זיסע שטימען זינגען
פון די שטורעמס, פון די ווינטן,
פון די שיפערס, וועלכע שטרײַטן
מיט די גרויסע בײזע אינדן. (פּרוג.)

און דאָרט צין ווײַסן בעטעלע שטיל שלאָפן אײַן די אײגעלעך, די קלײנע בלויע הימעלעך, ווי יונגע מידע שאָף (בײד.). אַט אין דעם אַ אַלטן הײַזל זיצט מײַן גוטע, טרײַע מאַמע מיט פאַרווײנטע אַלטע אויגן און מיט קנײטשן אויף דעם פּנים, און מיט בלאַסע טרוקנע ליפּן, און אַ האַרץ מיט טיפע וואונדן, אַן אַלמנה אַ פאַרצאָגטע (אד.). דערבײַ איז געשטאַנען אַ שיכל מיט אויסגעזאָטענע אַרבעס, גרויסע, געלע, רונדיקע, געקאָכטע מיט פעפער און זאַלץ; ווײַטער — טעצלעך מיט געקאָכטע פלױמען, מיט ראָזינקעס, מיט וועלטשענע און טערקישע ניס; שיסעלעך מיט קרעפּלעך, וואָס זײַנען פאַרבליבן פון מיטאָג, וואַזעס מיט מאַרינירטע הערינג; טעצלעך מיט המנטאַשן דרײַקאַנטיקע, דיקע, ברוינע, אָנגעשטאָפטע מיט אַ טונקעלן זיסן מאָן; טעלער מיט פּאָמעראַנצן, גאַנצע און צעשניטענע, וואָס האָבן אַזוי ווי געלאַכט מיט אַ מאַלינעווע זאַפטקײַט (זשיטאָמירסקי).

אַ טונקלבלוי געוועלב מיט גינגאָלדענע שטערן.
אין שטילקײַט פון דער נאַכט דאָס זשומען פון אַ גריל.
אַ ווײַטער רויש, וואָס קומט צישווימען פון דעם טײַכל,
אַ ווינטעלע אַ שטילס, וואָס גײַטשט זיך אויפן גראָז.

(אײַנהאָרן).

## אויפגאבעס:*)

17. שרייבט אויף די נעמען פון 20 באַלעבטעאון פון 20 אומבאַלעבטע זאַכן. רעכנט אויס די זאַכן, וואָס איר זעט אויפן בילד. רעכנט אויס די זאַכן, וואָס מען קען זעען אין פעלד סוף זומער.

18. פון די ווייטערדיקע נעמען פון זאַכן שרייבט אויס די נעמען פון יענע זאַכן, וואָס מיר קענען זיי זעען, שפעטער פון יענע זאַכן, וואָס מיר הערן זיי, און לסוף די נעמען פון יענע זאַכן, וואָס מיר קענען זיי בלויז פילן.

אַ בער, אַ האַנט, אַ פידל, אַ טומל, אַ וואַנט, אַ יאַגדע, אַ מוראַשקע, אַ צרה, אַ גערויש, אַ שטול, קוואַס, אַ געשריי, אַ געוויין, אַ בענקעניש, אַ כאָרכלען, אַן איי, אַ בראָך, אַ פלאָג, אַ געפילדער, אַן עולם, אַ שטערן, אַ וואַלד, אַ לאַנד, אַ פייפער, אַ פייפל, צאָנווייטאָג, אַ סווישטש, אַ געלעכטער, אַן אויער, דאָס קינדס קלוגשאַפט, די רייד, די שפראַך, דאָס וואָרט.

19. שטרייכלט אונטער די נעמען פון די זאַכן.

ביי מיר באַקומט איר מעל און באָב, אַ לולב און אַ טשאָלנטטאָפּ, אַ פאָן אויף שמחת־תורה און אלץ—די בעסטע סחורה... דער קאָפּ פארדרייט... איך בלייב אָן הענט... דער האַנדל גייט, דער האַנדל ברענט—מיט פעך, מיט בלעך, מיט האָלץ, מיט גלאָז, מיט פייגלמילך, מיט טשוועקעס, מיט קמיעות... וואָס ווילט איר נאָך? איך האַנדל אויך מיט בשמים, מחזורים און סידורים און גרעגערלעך אויף פורים; מיט זאַלץ, מיט שמאַלץ, מיט ווינט, מיט רויך און מיט אתרוגים אויך, מיט ווייַן, מיט לייַן, מיט וואַקס, מיט פלאַקס, מיט אַלע מיני תבואות, מיט פרישע גרינס אויף שבועות. ביי מיר באַקומט איר: עסיק, טיי, טליתים־קטנים אַלערליי, און זייף, און יאַרמלקעס, און היי, און אויב איר ווילט—הבדלות, לאַנגע ווי דער גלות (פרוג). פאָרעט זיך איר זונדל מיטן פעפער, צימרינג, מעל און שאר ירקות צו מאַכן דערפון רפואות, וועסערלעך, טראָפּנס אין די פלעשלעך (מענדעלע), שכנות קריכן איינע צו דער אַנדערער נאָך אַ קויל פייער, לייען אַ האַקמעסער, אַ ריבאייזן, אַ כשרשטיין, אַ פאַרעווען טאָפּ, אַ ווייקשעפל און אַן איי אויף שמירן חלה (מענדעלע).

20. שטרייכלט אונטער די נעמען פון די אומבאַלעבטע זאַכן מיט איין שטריכל און די נעמען פון די באַלעבטע זאַכן מיט צוויי שטריכלעך.

עטליכע מייל פון דאָרף, אין אַ גרויסער הויז מיט אַ גרויסן הויף, האָט געוווינט אַ רייכער ייד, וואָס איז געבענטשט געוואָרן פון זיין ליבן נאָמען מיט פעלדער פעטע, פרוכטבאַרע גערטענער און גאַנצע וועלדלעך איילבערטן און מיט סטאַדעס שאָף און רינדער, מיט מוילאייזלען און קעמלען (פרץ). די צווייברידערלעך פלעגן אין חלום זעען זייער שטעטעלע, זייער געסל, דאָס שטיבעלע, דעם טאַטען מיט דער לאַנגער באָרד, די מאַמען מיטן לאַנגען בלייכן אומעטיקן פנים, די קליינע ברידערלעך און שוועסטערלעך (ר.). אין אַ גאָלדענער קרוין, אויף אַ גאָלדענעם שטול איז שלמה געזעסן, אַרומגערינגלט מיט שרים און זקנים און פאָלק. און ער האָט פאַר זיי תורה און חכמה געזאָגט; פערל האָבן זיך אים פון מויל געשאָטן (פרץ). אויפן טאָוול פון פויק זיינען קינדיש אויסגעמאָלט קייקעלעך און דריידעלעך. דאָס גרעסטע קייקעלע מיט פינטעלעך אַרום איז די זון מיט די שטערן. איבער זיי פליט אַ גאַגאַרע און לויפט אַ האָרנדיקער הירש. דער גאַנצער טאָוול איז פול מיט פיש און פויגלען, חיות און מענטשן, און איז אַרומגעצירט אין אַלע ווינקעלעך מיט אַ הייליקן צייכן פון לעבן... דער רייף פון פויק איז באַהאַנגען מיט בלעכלעך און אייזנדלעך (ווייטער).

21. טרעפט דאָס רעטעניש: וואָס קאָן מען זעען און ניט אָננעמען?

---

*) באַמערקונג: אָטדי אויפגאַבעס דאַרפן זיין נאָכן אויספיר פאַר. זעקס. על פי טעות זיינען זיי דאָרט דורכגעלאָזן געוואָרן.

22. וואָס באַקומט זיך, ווען איך רוף אָן אַ נאָמען פון אַ זאַך און זאָג, וואָס די זאַך טוט? פּרוּווט אָנרופן אַ פינף נעמען פון זאַכן און איטליכעס מאָל מוסיף זיין, וואָס דאָס טוט.

23. אפשר וועט איר קענען אויפשרייבן אַ פינף נעמען פון אַזוינע זאַכן, וואָס מיר באַנעמען זיי מיטן שכל, אָבער ניט מיר זעען זיי, ניט מיר הערן זיי א. אז. וו.

24. דאָס רב באַלעבטע זאַכן קענען זיך באַוועגן, זיך רירן פון אָרט. ווייַזט אָן אַ פּאָר באַלעבטע זאַכן, וואָס קאָנען זיך ניט באַוועגן.

# גרוּנג טואוּנג.

## דערקלערונג:

1. דער שניידער נייט (אגסקי). און דאָ לויפט אַ טויבע (פּרץ). איך וועל הייכן וואונדן (ביאַלי). מיט די פליגלען פּאַטשן הינער (גייד). זיי זיינען אַהיים געגאַנגען (ר).

2. קינדער פּליושקען זיך און שפּרינגען, שפּריצן וואַסער, שאַלן, זינגען, לאָזן שלאַנגען פון פּאַפּיר (נייד). אלע דרייַ רייניקן און שמירן, וואַשן און רייבן, שייערן און כּשרן אויף פּסח. (ש.—ע.)

3. ריידן, זינגען, טראַכטן, שיקן, קוקן, הערן, קלאָגן בענקען.

## אויספיר § 8:

וואָס טוט דער שניידער? דער שניידער נייט. וואָס טוט די טויבע? די טויבע לויפט. די ווערטער נייט, לויפט ווייזן אָן, וואָס די זאַך טוט. די ווערטער באַצייכענען די טואונג פון זאַכן.

די ווערטער, וואָס באַצייכענען אַ טואונג, ענטפערן אויף איינע פון די פראַגעס: וואָס טוט די זאַך? וואָס האָט די זאַך געטאָן? וואָס וועט די זאַך טאָן?

אַזוי ווי איין זאַך קען טאָן אַ סך פאַרשיידענע אַרבעטן, קענען זיך אַפילע טואונגען באַציען צו איין זאַך (ביישפּ. צוויי).

## אויפגאַבעס:

32. שרייַבט אויף צוואַנציק ווערטער, וואָס באַצייכענען טואונגען.

33. רעכנט אויס אַלצדינג, וואָס עס טוען די זאַכן וואָס איר זעט אויפן בילד.

34. צו איטליכן פון די געגעבענע נעמען פון זאַכן שרייַבט צו אַ פּאַסיגן נאָמען פון אַ טואונג.

דער שמיד, דאָס פערד, אַ ווינט, דער וואָלקן, אַ רעגן, די בין, דער סאָלאָוויטשיק, אַ קו, דער רבי, אַן אָרימאַן, דער בוים, אַ האָז, די זעג, דער יעגער, די באָבעניו, די זון, אַ חזיר, אַ לייב, דער זון, אַ שרייַבער, חיים־משה, דאָס פּאָלק.

35. צו איטלעכן פון די איבערגערעכנטע נעמען פון טואונגען שרייבט צו אַ פּאַסיקן נאָמען פון אַ זאַך.

שרייט, פילדערט, ברעכט, וואַרימט, ליבט, טרייסט, האָט געבעטן, האָט אויסגעבעט, סאָפּעט, וועט געבן, וועלן שפּילן, וועט וויגן, האָט געקויפט, לייזט, האָט באַרעכנט, קוקט, פישטשעט, פייפט, האַמערט, האָט פאַרמאַטערט, הרגעט, היילט.

36. קלערט צו ווייניקסטנס דריי טואונגען, וואָס זאָלן זיך פּאַסן צו די געגעבענע זאַכן.

דער פּאָטער, אַ פויער, דער הונט, אַ שוסטער, דאָס קעלבל, די שול, אַ שטראַל, דער גאַסט, ענטלעך, דער האַמער.

37. שטרייכלט אונטער די ווערטער, וואָס באַצייכענען אַ טואונג.

גאַנצע צוויי חדשים ניט דאַרפן קיינזאַך לערנען, ניט מאַכן קיין אויפגאַבעס, ניט זיצן שעהן לאַנג אין הייסן פאַרשטיקטן קלאַס, גאָר פריי לויפן, שפּרינגען, הוליען, שפּילן זיך, באָדן זיך, קלעטערן אונטערן שטאָט אויף די בערג, גייַן אין

די וועלדער — אַ מחיה! (דודל). הויב אויף דיינע אויגן און זע די געמויערטע גרויסע פאַבריקן, וואו אַרבעטער זעגן און הובלען און וועבן און נייען און שטריקן און שמידן און פיילן און גלעטן און פוצן און שאַפן פּראָדוקטן און שאַפן דעם רייכטום צום מענטשלעכן נוצן (באָוו.) גאַנצע טעג איז ער פאַרנומען געווען אין שטוב, אין הויף, אין גאָרטן, אויפן שייער — געראַמט, גערייניקט, געגראָבן, געדראָשן, די פערד מיט די קי עסן און טרינקען געגעבן (פרוג). נייג דיין אויער, פרוי, און הער: מיין שפּייכלער איז איצט פּוסט. די הונדערט זעק מיט די ווייסע ווייצנמעל ווי שניי האָב איך, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, קיין ירושלים אָפּגעפירט צום מלך שלמה אין פּאַלאַץ אַריין. און די ברעטער, וואָס האָבן זיך אונטער די זעק געבויגן, זיינען פריי, אָבער ווייס, גאַנץ ווייס זיינען די ברעטער, באַדעקט מיטן שטויב פון די מעל... גיי אין שפּייכלער אַריין, ווישט די ברעטער אָפּ, שאַר צונויף דעם שטויב פון די ווייסע ווייצנמעל ווי שניי, נעם אַהיים, לייג אַ פייער, קלייב שפּענדלעך אויפן וועג — און באַק זיך דיך דיינע קיכלעך. זאָל זיין ליבער נאָמען אַריינשיקן די ברכה אין די שטויב פון מעל, און עס און דערקוויק זיך און לויב גאָט (פרץ). אָנגעברוגזט האָט דער ים זיך און געקנייטשט זיך און געקרימט. פּלוצים האָט ער זיך צעבייזערט און ער וויגט זיך און ער ברומט (ביאַל.).

38. אויב מיר וועלן צונויפפאָרן אַ נאָמען פון אַ זאַך מיט אַ פּאַסיקן נאָמען פון א טואונג, קען זיך באַקומען אַ פאַרברייטערטער זאַץ? און אויב מיר וועלן אויך אָנווייזן אַן אייגנשאַפט פון אונזער זאַך, וועלן מיר יעמאָלט שוין האָבן אַ פאַרברייטערטן זאַץ?

39. איינעם האָט זיך געחלומט, אַז ער פאָרט אויף אַ שיף מיט זיין פאָטער און מוטער. די שיף טרינקט זיך און ער קאָן ראַטעווען נאָר זיך אַליין מיט נאָך איינעם, אָדער דעם פאָטער אָדער די מוטער. וואָס דאַרף ער טאָן צו ראַטעווען אי דעם פאָטער אי די מוטער? (פרס.).

40. שטרייכלט אונטער די ווערטער, וואָס באַצייכענען אַ טואונג, מיט איין שטריכל און די ווערטער, וואָס באַצייכענען אַ זאַך, מיט צוויי שטריכלעך.

נעמען פולע פורן פאָרן,
פורן פאָרן, פירן קאָרן,
דורך די בערג און דורך די טאָלן
אין די מילן זיי צו מאָלן.
הייבן אָן די ווינטן וויען
און די מילן־פליגל דרייען.
מאָלן מילן, מאָלן שנעל
פון דעם קאָרן ווייסע מעל.
קנעט דער בעקער מעל מיט הייוון
און פאַרהייצט זיין גרויסן אויוון.
ברענט דאָס פייער, שייטלעך קנאַקן.
נעמט דאָס ברויט זיך בעסער באַקן.
קויפן מאַמעס ברויט דעם פרישן
און דערלאַנגען אויף די טישן.
עסן קינדער פרישן ברויט,
זיינען זיי געזונט און רויט (מאני לייב).
קומסט פון סטעפּעס אָן אַ וועג,
קומסט פון ימען אָן אַ ברעג,
וואו די גראָזן סודן זיך,
וואו די כוואַליעס הוידיען זיך (פיכ.).

טרייבן הינער, גענז אָדער קאַטשקעס, שרעקן ציגן, מוטשען קעץ, שלאָגן

היגט, פון חזירים שמועסט מען ניט — דאָס איז ביי אים געווען דאָס חיות! (ש. — ע.)

41. שטרייכלט אונטער די נעמען פון זאַכן מיט איין שטריכל, די נעמען פון אייגנשאַפטן — מיט צוויי שטריכלעך און די נעמען פון טואונגען מיט אַ געשלענגלטן שטריכל.

דאָס איז אַ טאָג א הייסער, אַ זומערדיקער; פורן פאָרן, קולות גרילצן, מענטשן ווימלען — דאָס איז אַ יריד, אַ גרויסער מאַרק־יריד דאָ אין שטעטל. און קראַנצן ציבעלעס הענגען אַראָפּ פון די וואָגנס, אייער, זאָגט מען, איז בזול. פורן פאָרן, פורן פאָרן, און אויף איינער פון זיי טרייסלען זיך די אַלטע צעלעכטע פלייצעס פון איינעם אַן אַלטיטשקן יידן, וואָס איז אָנגעטאָן אין זיין שבתדיקער לאַסטיקענער קאַפּאָטע און אינם סאַמעטענעם היטל, וואָס מיטן אָפּגעריבענעם דאַשעק — דאָס איז דער אַלטער דוד־לייזער, דער דרדקי־מלמד פון נעענטן שטעטל. (בערגלסאָן).

זומערליד.

אין אַ פרישן קראַנץ פון זאַנגען,
פריי פון טרויער און פון קומער,
אויף די טאָלן, אויף די פעלדער
שוועבט דער שיינער, ליבער זומער.
זומערפייגעלעך פון גאָרטן,
סטאַיעס בינען פון די שטאָקן
פליען אום און טאַנצן, שפּרינגען
איבער זיינע שוואַרצע לאָקן.
און דיביימער הויכע שטייען
שוין באַוואַקסן און באַהאַנגען;
אויף די פרייע גרינע פעלדער
שוין די הויכע שיינע זאַנגען
בייגן אָן די שטילע קעפּלעך
איינס צום אַנדערן און זשומען:
„אַך, ווען וועלן זיי, ווען וועלן
שוין צו אונדז די שניטערס קומען!" (פרוג).

# III. וועגן איינצאָל־מערצאָל.

**דערקלערונג:**

1. איין אויג האָט מער גלויבן ווי צוויי אויערן (שפּר.). און אַזוי גייט שטיל און רואיק טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר (פרוג). גייען זיך אַזוי אַוועק יאָרן, וואָכן, נעכט און טעג (דודל).
2. אַנטקעגן לאָזט זיך אַמאָל אַראָפּ אַ בושל (מענדעלע). איין שוואַלב קען קיין זומער ניט מאַכן (שפּר.). בושלעס שטייען שוין אויף דעכער, שוואַלבן רוישן שוין אין לופט (גייד.)
3. אַ קליין קינד איז אַ שפּילכל, אַ גרויס קינד א מילכל (שפּר.). קליינע קינדער — קליינע פריידן, גרויסע קינדער — גרויסע ליידן (שפּר.).
4. און קוימענס האָט די שטוב צוויי — גרויסע, הויכע, ברייטע, שוואַרצע קוימנס (ש. — ע.). אין די חורבות בלייבן שטיין הויכע, שוואַרצע קוימענס (אַש).

### אויספיר § 9.

אויב איך רייד נאָר וועגן איין זאַך — איז דער נאָמען פון דער זאַך אין איינצאָל; רייד איך אָבער וועגן צוויי אָדער מער גלייַכע זאַכן, באַנוץ איך דעם נאָמען פון זאַך אין מערצאָל.

די ווערטער, וואָר באַצייכענען טואונגען, האָבן אויךביידע צאָלן. אויב דאָס וואָרט באַצייכנט אַ טואונג פון איין זאַך—איז עס אין איינצאָל. אויב עס באַצייכנט אַ טואונג פון צוויי אָדער מער זאַכן—שטייט דאָס וואָרט אין מערצאָל.

אויך די נעמען פון אייגנשאַפטן שטייען אין מערצאָל, ווען מיר האָבן צו טאָן מיט צוויי אָדער מער גלייכע זאַכן, וואָס פאַרמאָגן די זעלביקע אייגנשאַפט.

### אויפגאַבעס:

42. צי קען דאָס זאָגוואָרט שטיין אין איינצאָל, אויב דאָס זאַכוואָרט איז אין מערצאָל? שרייבט אויף פינף אומפאַרברייטערטע זאַצן אין איינצאָל און נאָכ־דעם דיזעלביקע זאַצן אין מערצאָל.

43. די זאַצן, וואָס שטייען אין איינצאָל, שטעלט איבער אין מערצאָל:

די פאָנע איז גרייט (אַנסקי). שלאָפן וויל מיין יינגעלע (פּרץ). אַ נאַר איז אַ נביא (שפּר.). אַ גוט וואָרט ברענגט אַ גוטן ענטפער (שפּר.). אַ בייזע צונג איז ערגער ווי אַ שלעכטע האַנט (שפּר.). ס'ברענט דער פראָסט און שניידט (פּריד.). בעסער אַ פּאַטש פון אַ חכם איידער אַ קוש פון אַ נאַר (שפּר.). דאָס אייבערשטע קלייד פאַרדעקט די אונטערשטע לייד (שפּר.). שווערער בעזים קערט זיך איבער און דער יעגער פאַלט אַריבער (פּרץ). דער גנב פאַר דער טיר איז דער בעסטער שומר (שפּר.). אַ פוילער שלאָפט זיצנדיק און אַרבעט ליגנדיק (שפּר.). דאָס אויג איז קליין, דאָך זעט עס די גאַנצע וועלט (שפּר.). אַז דער באַלעבאָס איז אַ שלי־מעזאַלניק, איז דער גנב אַ בריה (שפּר.)

44. די זאַצן, וואָס שטייען אין מערצאָל, שטעלט אַוועק אין איינצאָל.

גייען מחנות (פּריד.). צייטן בייטן זיך (שפּר.). לאַנגע שאָטנס שפּרייטן זיך (ראס.). דאָרטן זיינען דאָ אביונים, דאָרטן זיינען דאָ יתומים (אַנסקי). קליינע שקצים קרייען ווי די יונגע העגער (סעג.). נייע פריינד באַקומען, אַלטע ניט פאַר־געסן (שפּר.). אויף די גרינע צווייגעלעך שלאָפן שוין די פייגעלעך (פּרץ). אַז נאַ־ראָנים האָבן ליב זיסע— האָבן קלוגע אויסגעטראַכט (שפּר.). בענדער, סטעגעס פאַלן, אַלע פאַרבן שטראַלן (סעג.). וועלדער אויף די הויכע בערג שטייען פאַר־גאַפטע און קוקן (נסתר).

מלכים שלאָגן זיך ווי לייבן.<br>
כלאָפּעס פאַלן ווי די פליגן.<br>
פאָנען רוישן, שאָסן קראַכן.<br>
און די מחנות ציען ווייטער (ר.).

45. רעטעניש: וואָס רוישט שטאַרקער ווי אַ מיל?

# IV. דאָס הויפּטוואָרט

## א. באַגריף וועגן הויפּטוואָרט. איינצאָל און מערצאָל אין הויפּטווערטער.

### דערקלערונג:

1. קענט איר, קינדער, אָט דעם זקן<br>
מיט דער ווייסער באָרד און לאָקן,<br>
אָט דעם אַלטן גרויען גייער?<br>
דאָס איז ער, דער פעטער שנייער!<br>
טראָגט ער מיט אַ פולן הויפן

זילבער־פערעלעך אַ סך,
און פאַרהיילט אונז היי זעדי הויפן·
ביימער, צווייגן, פלויט און דאַך,
גאַסן, געסלעך, שטוב און מויער,
וואַלד און גאָרטן, טיר און טויער
אין אַ ווייסן כלה־שלייער! (דודל)·
2. אָבער דאָס ווײַנט ניט קיין קינד אינ׳ם וואַלד,
מען לאָזט ניט אין וועלדער קיין קינדער (מ· ל·)·
יידן··· מיט שײַנע בערד (דינ·)· ביי די שליטנס פאַרבונדן שטײַען
די פערד· (מ· ל·)·

# אויספיר § 10:

דער נאָמען פון אַ זאַך הייסט הויפטוואָרט· פאַרשטייט זיך, אַז דאָס הויפּטוואָרט קאָן באַנוצט ווערן, אָדער אין איינצאל אָדער אין מערצאל· ווען מיר פאַרגלייכן דאָסזעלביקע וואָרט אין איינצאל און מערצאל, זעען מיר· אַז דאָס וואָרט אין מערצאל איז געוויינטלעך לענגער פאַר דעם וואָרט אין איינצאל· אט דער צוגאָב, דער צוואוּקס, וואָס דאָס וואָרט באַקומט אין מערצאל אין פאַרגלייך מיט דעמזעלביקן וואָרט אין איינצאל, הייסט די ענדונג פון מערצאל· פאַראַן ווערטער אָן אַ באַזונדערער ענדונג אין מערצאל·

# אויפגאַבעס:

46· וואָסער שייכות איז פאַראַן צווישן הויפּטוואָרט און זאַכוואָרט? אפשר וועט איר דערקלערן, פאַרוואָס דאָס הויפּטוואָרט הייסט הויפּטוואָרט·

47· שטרייכלט אונטער די הויפּטווערטער, וואָס שטייען אין מערצאָל; טיילט אָפּ מיט אַ שטריכעלע דעם טייל וואָרט, וואָס איז פאַראַן אויך אין איינצאָל; שרייבט אויס די ענדונגען פון מערצאָל, וואָס עס האָבן זיך דאָ אייך געטראָפן·

דערהערן עס בערגער און טאָלן און וועלדער און פעלדער און טייכן (טייטש)· קיין רעגנס זיינען ניט געגאַנגען, און די ברויטן אויף די פעלדער האָבן אָנגעהויבן טריקענען (ספ·)· מען האָט אָנגעטראָפן פיל וועגן, פערד, אַוטאָמאָבילן (אַש)· פאַר מיינע אויגן פליען שטיבער, וויאָרסטן, ביימער, מענטשן, פעלדער, וועלדער — ס'איז ניט צו באַשרייבן (ש·—ע·)· זיינען זיך געלעגן חתנים, מענער, זין און טאַטעס (ביאַל·)· פייפעלעך, טרומייטן בלאָזן אַלע טענער (סעג·)· דאָ שפּיגלען אין טייך זיך פיל בערג און פיל סעדער (סעג·)· אָ, איר קליינע ליכטעלעך, איר דערציילט געשיכטעלעך, מעשהלעך אָן צאָל (מ. ר·)· אַ חוץ אונז פאָרן נאָך אַ סך פאַרשוינען, יידן און קריסטן (ש·—ע·)· אַוועקגעשיקט דעם קהלשן גולם נאָכן פראָסטן עולם; פערד מיט שקאפעס, ציגן צאַפּעס, קעלבער, האָזן, קינד און קייט (מרד·)· אַהער, פאַני! וועבלנע טיכלעך, לייוונט, שלייקעס, מעסערלעך, קאַלאָשן אַמעריקאַנישע, ים־שוימענע שטעקלעך, מאַנדלזייף, פאָמאַדע! (מענדעלע) — קנישעס! קניידלעך! באַבקעס! שטשיפּקעס! טייגלעך! לאַטקעס! פאַמפּושקעס! ווערטוטן! טייגעכצער! וואַרעניקעס מיט קרעפּלעך! — גוואַלד, עס פּלאַצן אַלע קנעפּלעך! (מרד·)· אונזער לאַנד האָט טיפע טייכן, קלאָרע טײַכן פול מיט פיש; זיינע בערג דערגרייכן הימלען, זיינע טאָלן זייגען פריש (שוו·)·

48· שרייבט אויף: א) צען הויפּטווערטער, וואָס האָבן די מערצאָלענדונג „ן״, ב) צען הויפּטווערטער, וואָס האָבן די מערצאָלענדונג — „ס״, ג) פינף הויפּטווערטער מיט דער מערצאָלענדונג „עס״, ד) פינף הויפּטווערטער מיט דער ענדונג „ים״ אין מערצאָל, ה) פינף — מיט „עך״ און ו) פינף הויפּטווערטער מיט דער ענדונג „ען״ אין מערצאָל·

49. ווי איז די מערצאָלפאָרם פון פאָלגנדיקע הויפּטווערטער?

טיש, שלאַנג, באַנק, שניי, מיידל, צעטל, נאַרעלע, אָרט, פוס, שפּאָן, טעות,

שבת, הארץ, הויז, בוידים, נאָז, אויג, באַק, בעקער, דאָקטאָר, וואָרט, יום־טוב, צרה, קאַץ, לעפל, קו, ענגלענדער, טראָפּן, העריגג, פראַגע, פינגער, שטערן, טיש־טעך, אויוון, טורים, פיינד, קבר, דרוקעריי, ווינקל, לופט, מוח, צווילינג, גערבער, סטרונע.

50. פאָלגנדיקע הויפּטווערטער שטעלט אַוועק אין דער איינצאָל פאָרם:

פויערים, אַמעריקאַנער, ווילנער, העגער, רעדער, וועגענער, ברעגעס, לייכ־טער, קלעזמער, קערב, ליכט, קעפּ, פערד, הענט, פּנימער, פּאָליטיקער, פיס, פיש, זין, זונען, הענט, דאָקטוירימלעך, ווייבלעך, וועווערקעס, טראָפּנדלעך, טראָפּעלעך, איידימלעך, שקצים, צונגען, מענער, קייסאָרימלעך, ציגנער, מאַנען, צרות, נאָדלען, געזאַנגען, דרשות, רוחות, געגנט.

51. שרייבט אויס אַלע הויפּטווערטער אָן אַן ענדונג אין מערצאָל, וואָס האָבן זיך געטראָפן אין די אויפגאַבעס 47, 49 און 50.

52. אפשר ווייסט איר אַ פּאָר הויפּטווערטער, וואָס האָבן צוויי באַזונדערע ענדונגען אין מערצאָל?

## ב. דאָס געשלעכט (דער מין) פון הויפּטווערטער.

דערקלערונג:

1. א) דער פאָטער — די מוטער.
דער זון — די טאָכטער.
ב) דער לערער — די לערערין.
דער שניידער — די שניידערקע.
דער חבר — די חברטע.
ג) דאָס קינד האָט ווייַנענדיק צוגעהאָלפן.

2. געבענטשט זאָלן זייַן דער וואַרשטאַט, דאָס שפּינדל, דער האַמער, די סאָכע, דער סערפּ און די זעג (פרוג). די נאַכט איז ווי דער טאָג דאָרט ליכטיק (ריוו). דאָס אויג דערציילט, וואָס דאָס האַרץ מיינט (שפּר).

אויספיר § 11.

באַלעבטע זאַכן געהערן צו איינעם פון צוויי פאַרשיידענע געשלעכטער, זיי זיינען אָדער מענלעך אָדער ווייבליך, אָדער „ער" אָדער „זי". די נעמען פון די באַלעבטע זאַכן טיילן זיך דעריבער אין צוויי מינים: די נעמען, וואָס עס האָבן זאַכן פון מענלעכן געשלעכט, געהערן צום מענלעכן מין און די נעמען פון באַלעבטע זאַכן פון ווייבלעכן געשלעכט—צום ווייבלעכן מין.

אין פאַרגלייַך מיט די געהעריקע זאַכן פון מענלעכן געשלעכט, האָבן די זאכן פון ווייבלעכן גע־שלעכט צום טייל גאָר באַזונדערע נעמען (בייש. 1א). דאָס רוב אָבער האָבן ביידע זאַכן פון דערזעלביקער פאָר אַגלעכע נעמען, און דערביי איז דער נאָמען פון דער ווייבליכער פערזאָן לענגער. דער נאָמען פאַר דער מענליכער פערזאָן באַקומט אַ צוגאָב — און מיר האָבן שוין אַ נאָמען פאַר דער „זי" פון אונזער פּאָר (בייש. 1ב).

ס'איז פאַראַן נאָך אַ דריטער מין — דער מיטלער. דאָס וואָרט קינד געהערט צום מיטלען מין צו הויפּטווערטער פון מענלעכן מין קען מען צושטעלן דאָס ווערטל „דער", צו ווערטער פון ווייב־לעכן מין — דאָס ווערטל „די", און צו הויפּטווערטער פון מיטלן מין — דאָס ווערטל „דאָס".

§ 12. די הויפּטווערטער, וואָס באַצייכענען אומבאַלעבטע זאַכן, ווערן איינגעטיילט אין אַלע דריי מינים. האָט דאָס הויפּטוואָרט צו זיך דאָס ווערטל „דער" — איז עס מענלעך, דאָס ווערטל „די" — איז עס ווייבלעך א. אַז. וו. (בייש. 2).

באַמערקונג: פאַראַן אַזעלכע הויפּטווערטער, וואָס קענען געהערן צו צוויי מינים, למשל, דער קאָפּ, די האַלז א. אַז. וו.

53. ווי זיינען געקומען אלע באשעפענישן צו נוחן אין זיין תיבה? דער־ציילט עס טאקע געגוי און באריכות, ווער מיט וועמען זיינען געקומען.

54. שרייבט איבער די געגעבענע נעמען פון מענלעכע פערזאנען און צו יעדען פון זיי לייגט צו דעם נאמען פון דער געהעריקער ווייבלעכער פערזאן שרייבן זאלט איר עס אויף אזא אופן:

דער טאטע — די מאמע, דער שוסטער־די שוסטערקע א. א. וו.

דער זיידע, דער יונג, דער שילער, דער האן, דער איידים, דער קרעמער, דער בעקער, דער קאטער, דער טאטער, דער דאקטאר, דער שרייבער, דער גראף, דער לייב, דער זאגער, דער אקס, דער גארבער, דער שוחט, דער בער, דער ליג־נער, דער האר, דער ישובניק, דער באלעבאס, דער קלעזמער, דער פעטער, דער ווילנער, דער פארבער, דער גנב, דער וואלף, דער בעדער, דער גביר, דער קריסט, דער סאלדאט, דער טרייפניאק, דער וועכטער, דער ארבעטער, דער העלד, דער שמש, דער אייזל, דער גענעראל, דער הירש, דער בושל.

55. שרייבט איבער די געגעבענע נעמען פון זאכן פון ווייבלעכן געשלעכט צוזאמען מיט דעם נאמען פון דער געהעריקער זאך פון מענלעכן געשלעכט (שרייבן לויט דעם שטייגער פון דער פריערדיקער אויפגאבע).

די שוועסטער, די מכשפה, די גאנז, די שוויגער, די העגדלערקע, די גבאי־טע, די דינסט, די זיצערקע, די יחסנטע, די קאטשקע, די שלימעזאלניצע, די יידע־נע, די שיקסע, די גויע, די פויערטע, די ליטוואטשקע, די כל־בוניצע, די רעביצין, די שכנה, די שדכנטע, די כלה, די אונטערפירערקע, די מחותנתטע, די קרובה, די אלמנה, די פרומאטשקע, די שוועגערין, די שותפטע, די ענגלענדערין, די ציג, די קליאטשע.

56. וועלכע ענדונגען פאר נעמען פון ווייבלעכע פערזאנען האבן זיך גע־טראפן אין די ווערטער פון די אויפגאבעס 54 און 55?

57. שרייבט אויף אט אזוינע נעמען פון אומבאלעבטע זאכן: א] 10 הויפט־ווערטער פון מענלעכן מין, ב) צען הויפטווערטער פון ווייבלעכן מין און ג) פינף הויפטווערטער פון מיטעלן מין.

58. שטעלט אריין אנשטאט די פינטעלעך — דער, די אדער דאס.

ד.. נאדל נייט (אנסקי). ד.. סוכות איז געקומען (ש.—ע.). ד.. ים וויגט זיך (פרץ). צו לאנג איז געווען ד. נויט (ביאל.). אט־אט רוקט זיך אן ד.. ווינטער (ראס.). ד.. עולם האט זיך א ריר געטאן (פרץ). ס'איז מיט זון ד.. לאנד באגאסן (שוו.) ד.. וואסער ברעכט אלץ (אש). ד.. כוואליע שלאגט אין שיפל אריין (פרץ). עס ענקט ד.. נאכט, ד.. וועלט דערוואכט (ר.). ד.. טאכטער שטראפט מען און ד.. שנור מיינט מען (שפר.). ערנסטער ווערט ד.. פנים ביי זיין אלטן שכן (פרץ). ד.. מאמע ביים אייוון, ד.. טאטע ביי ד.. שאכטלען (ש.—ע.) ד.. העמד איז מיר נענטער ווי ד.. קלייד (שפר.). און שטיין שטייט ד.. שטוב אויפן וואסער (ש.—ע.). ד.. קאפ אין ד.. הענט אלץ און שטום ווי ד.. וואנט (ראס). ד.. פריץ פאלט שטענדיק מיט ד.. פוטער אראפ (שפר.). ד.. זייגער איז דא גאט ד.. נשמה שולדיק, שולדיק איז ד.. וואג (ש.—ע.). ד.. קינד האט נעבעך שריי־ענדיק ד.. גאל אויסגעריסן (יהואש). ד.. אטעם ווערט ביי מיר פארכאפט (ריוו). ד.. קריגל גייט אזוי לאנג נאך וואסער, ביז ד.. אויער ברעכט זיך אפ (שפר.). ד.. שבת־קודש גייט אוועק פון אונז און ד.. וואך מיט ד.. זארג קומט אן (פ־ליד) מיין קעצל הערט ד.. פיינע דרשה און רייבט ד.. סעודה גאר נישקשה (ריוו). ד.. וואלף איז זאט און ד.. ציג איז ניט צעריסן (שפר.). ד.. קינד האט געמיינט, אז ער איז מקדש ד.. לבנה (פרץ). ד.. קאפ איז דול, ד.. בויך איז פול, ד.. מאגן ווייס ניט וואס צו זאגן (שפר.). ד.. טייכל האלט דאך אין איין לויפן (ריוו). נאר אפגעלאזט האט זיך ד.. האנט און אויסגעלאזט האט זיך ד..

מאַכט (ביאל). ד.. אתרוג קאָסט ד.. גאַנצע געלט און איבער דעם לולב מאַכט מען ד.. ברכה (שפר). ד.. קעז פאַרשטייט זיך, פאַלט אַראָפּ, ד.. פוקס פאַרכאַפּט עס און ציט אָפּ (ריוו). וואָס ווייטער ווערט ד.. כריפּען גרעסער און ד.. קלינגען שטילער און אומעטיקער (ש.—ע.). און ערגעץ פונם שייער ד.. קוואָקטשען פון אַן עוף (יהואש). ד.. קאַפּאָטקעלע זינגט, ווי איך בין אַ ייד, סע זינגט! (ש.—ע.). ד.. ווינטער איז לאַנג, נאָר ד.. שניי וועט צעגיין, ד.. גאָלדענער פרילינג וועט קומען (פרוג).

# V. דאָס צייטוואָרט.

## א. וועגן צייטן.

### דערקלערונג:

1. נעכטן איז ער דאָ געווען (טייטש). אַז מען האָט נעכטן געגעסן, איז מען היינט ניט זאַט (שפר). דער מענטש זאָל ניט זאָרגן, וואָס עס וועט זיין מאָרגן, לאָז ער בעסער היינט פאַרריכטן, וואָס ער האָט קאַליע געמאַכט נעכטן (שפר). היינט איז פורים, מאָרגן איז אויס (פ. ליד). צייטן בייטן זיך (שפר).

2. זעסט, דער הימל לאַכט מיט טרערן,
וועסט איינגיכן אַ כלה ווערן (פרץ).
ס'האָט דער רעגן אויפגעהערט,
דער הימל האָט זיך אויסגעקלערט.
נאָך די דעכער זיינען נאַס,
רינען טייכלעך אין גאַס (פרץ).

### אויספיר § 13:

רייד איך וועגן עפּעס אַ טואונג, קען דידאָזיקע טואונג געשעהן איצט, אין דער צייט וואָס איך רייד וועגן איר; די טואונג האָט אָבער שוין געקענט געשעהן פריער, איידער איך האָב אָנגעהויבן צוריידן וועגן איר, למשל: נעכטן, פאַראַיאָרן, אין מלך סאָבעצקיס צייטן א. אַזוי ווי. ... ס'קען אויך זיין, אַז די טואונג, וועגן וועלכער איך רייד, געשעהט דערווייל ניט און איז נאָך ניט געשעהן, נייערט זי וועט ערשט געשעהן, למשל: שפּעטער, מאָרגן, איבעראַיאָר, אין משיחס צייטן א. אַזוי ווי.

הכלל, די טואונג קען געשעהן איצט, היינט א. אַזוי ווי.
" " האָט געקענט געשעהן פריער, נעכטן א. אַזוי ווי.
" " וועט ערשט געשעהן שפּעטער, מאָרגן א. אַזוי ווי.

דעריבער אונטערשיידן מיר דריי צייטן, אין וועלכע קען געשעהן די טואונג:
די איצטיקע צייט (בשעת איך רייד וועגן איר),
די פאַרגאַנגענע צייט (איידער איך רייד וועגן איר),
די קומענדיקע צייט (נאָכדעם ווי איך רייד וועגן איר).

### אויפגאַבעס:

59. קלערט צו אַנדערע געמען פאַר די דריי צייטן, אויסנוצנדיק די ווערטער: פריער, שפּעטער, נעכטן, היינט, מאָרגן.

60. אין פאָלגנדיקן געדיכט ווייזט אָן, מיט וועלכע צייטן מיר האָבן דאָרטן צו טאָן, און דערקלערט, פאַר וואָס מיר באַנוצן דווקא די צייט און ניט קיין אַנדערע.

די קינדער זיי זיינען צופרידן
און לויפן ארויס מיט געשריי,
פון הימל אַ גאַסט אַ געגאַרטער
עס שיט זיך אַ קלאָר-ווייסער שניי.

די בײמער זײ זײַנען שוין פוילע,
די צווײַגן און ריטלעך צעדאַרט.
זײ האָבן דעם ווינטער געדופן,
זײ האָבן דעם ווינטער געגאַרט.
ער וועט זײ אין ווײַסן אויסצירן
און ווײַסינקע וועלן זײ שטײן,
ביז קומען צוריק וועט דער פרילינג,
ביז קומען וועט פרילינג צוגײן. (שרה רײזען).

61. טרעפט דאָס רעטעניש: וואָס איז געווען מאָרגן, וואָס וועט זײן נעכטן? (פרט.)

## ב. באַגריף וועגן צײטוואָרט. די צאָלן.

**דערקלערונג:**

1. ס׳שטײט אַ שליטן פאר דער טיר,
ס׳קלינגט דאָס גלעקל, דין־דין־דין!
קום, מיר זעצן זיך אַרײן. —
פיר אונז, פורמאַן, גיך צהין.

— — — — — — — — —

וויפיל ליכטיקײט ארום!
טויזנט קלײנע שטיקלעך שנײ
טאַנצן, פליען אין געזיכט.
ליגן, גלאַנצן אויפן שנײ;
ס׳לויפט דער שליטן ווי אַ פײל —
שטענדיק פרײלעך איז די וועלט;
פרײ זיך זומער מיטן גרינס,
הוליע ווינטער אין דער קעלט. (יעקב שטײנבערג.)

2. ער רעדט. אַלע רײדן (ש־ע). נישט אלע הערן, איך הער און איך גײ (סעג). עס בליען די קארשן, דער עפּעלבוים בליט (סעג). נאָר ס׳לויפן טעג און וואָכן (דיוו). ס׳וועלקן בוים און בלום (ר). עס פליען, פליען פײגעלעך און זינגען שירה דאָרטן (פרוג).

אַ פרעמדער פעלץ וואַרעמט ניט (שפר).
פרעמדע קלײדער וואַרימען ניט (שפר).

**אויספיר § 14:**

דער נאָמען פון אַ טואונג הײסט צײטוואָרט (פּאַרוואָס ?). דאָס צײטוואָרט האָט פאַרשטײט זיך, צווײ צאָלן: דריקט דאָס צײטוואָרט אויס אַ טואונג פון אײן ואָך, שטײט עס אין אײנצאָל, פון צווײ אָדער מער זאַכן—שטײט עס אין מערצאָל. דאָס צײטוואָרט קאָן שטײן אין דער מערצאָלפאָרם אויך יעמאָלט, ווען עס באַציט זיך צו אַ פאָר הויפטווערטער אין אײנצאָל.

**אויפגאַבעס:**

62. זעט, אַז דאָס זאַגוואָרט, וואָס שטײט אין קלאַמערן, זאָל שטײן אין דער ריכטיקער צאָלפאָרם.

אַ ליגנער [גלויבן] קײנעם נישט (שפר). דער לוח [טרעפן] אויך אַמאָל (שפר). די רבנים [האָט זיך צעהיצט, צעשריען] (אַנסקי). אַ יונג בײמל [בײגט] זיך (שפר.). די חברים [לויפט] צו צו אים (ווײַס). הינט [בילט], מחותנים [פאָרט] (שפר.). פלוצלונג [דערהערן זיך] אַ ליד און אַ פײפעל [צאַנקט] פונדערווײַטן (סעג).

נויט [ברעכן] אײַזן, דלות [ברעכט] שלעסער (שפּר.). קראַקע [זײַנען ניט] אין אײן טאָג [געבויט געוואָרן] (שפּר.). פון אַלע זײַטן [האָבן] אונז [אָפּגעענטפערט] דאָס ווידערקול (נאָמב.). אײניקע געזעלן [האָבן] ער שוין [געטראָפן] (ווייס.). זאָרג און יאָר [מאַכט] גרוי די האָר (שפּר.). פּאַטערס און מוטערס ברכה [ברענגט] דעם קינד הצלחה (שפּר.). אַ הון, אַ בעטלער און אַ מאַרשאַלעק [זינגט] פּאַר צרות (שפּר.). פּײַוול [האָבן] קס באַמערקט און פרעגן, וואָס איז [זײַנען] (ווייס). און ווי־דער שוין [ברענט] די ליכט אויפן דאַך און [ס'דרייט זיך] דער ווינט מיט אַ פרייּ־לעכן לאַך (טייטש). די פיס [טראָגט], וואו דער קאָפּ [זאָלן] רוען (שפּר.). פּאַטער און מוטער [האָט] גלעזערנע אויגן (שפּר). וואו צווײ [עסט] פון אײן שיסל, [קאָן] זיך דער דריטער אָנעסן אַ ביסל (שפּר.). [עס באָדט זיך] מענטשן און [ס'שימערט, בלישטשעט] די קערפּערס די קלאָרע אַרויס און אַרײַן (טייטש.)

63. שטעלט צוריק זאַצן, אין וועלכע די פאָלגנדיקע צײַטווערטער זאָלן זײַן זאָגווערטער. נאָכדעם שטעלט אַוועק די זאַצן אין מערצאָל.

איז פאַרמאַטערט, ווערט פאַרקלערט, סאָפּעט, מעסט, שיסט, ווערט ניט געבאָרן, איז אַנטלאָפן, צעגײט, גייט צו, האָט צוגעמאַכט, ווערט בטל מאַכן, איז מתפּלל, האָט געמינטערט, פלעגט לײַדן, זאָל ריידן.

## ג. די דרײַ פּערזאָנען.

### דערקלערונג:

1. — זאָג, שוועסטערל, — גיט יענע זי אַ פרעג
האָסטו געהאָרעוועט כאָטש אין די גוטע טעג?
— וואָס רעדסטו? ווער האָט דאָס פון דעם געטראַכט?
כ'האָב אַלץ געזונגען און געלאַכט...
— הייסט דאָס האָסטו...
— איך האָב אַ זומער אָפּגעשפּילט אַ גאַנצן!
— נו, אויב אַזוי, טאָ גיי, זײַ מוחל, טאַנצן! (ריוו.).

2. נאָר אויפן טורים **דער וועכטער וואַכט: ער הערט (פרץ). שטייט אין פעלד אַ ביימעלע, האָט עס גרינע צווייגעלעך (פרץ). זעט נאָר, ווי עס קוועלט אָן יעדער בוים און יעדעס בלעטל (ביאַל). אויף די פעלדער איז עמעץ אַ ווייסער געפלויגן (סעג.). עס האָט ווער געעפנט** די אוצרות פון שנייען ביי נאַכט (טייטש). **די פייגעלעך פאַרמאַכן** די אייגעלעך, **זיי זיצן** אויף די צווייגן און **שווייגן** (ריוו.).

### אויספיר § 15.

די טואונג, וואָס איך רייד וועגן איר, קען דורכגעפירט ווערן, קען געטאָן ווערן:

א) אָדער דורך מיר גופא, דורך דעם, וואָס רעדט וועגן איר,

ב) אָדער דורך דעם, מיט וועמען איך רייד וועגן איר,

ג) אָדער דורך גאָר אַן אַנדערן, וואָס האָט ניט גענומען קיין אָנטייל אין דעם שמועס מכּוח דער טואונג.

אויב איך רייד און איך טו — איז דאָס צײַטוואָרט אין **דער ערשטער פּערזאָן**.
" " " " — דו טוסט " " " " " **צווייטער** "
" " " " ער, יענער, אַן אַנדערער טוט — איז דאָס צײַטוואָרט, וואָס דריקט אויס די טואונג, **אין דער דריטער פּערזאָן**.

די ווערטלעך: איך, דו, ער, זי, עס, מיר, איר, זיי, וואָס שטייען צוזאַמען מיט די צײַטווערטער, ווייזן אָן די פּערזאָן פון די צײַטווערטער.

**אויפגאבעס:**

64. אויב דו רעדסט וועגן אַ זאַך, וואָס דו טוסט, אין וועלכער פּערזאָן דאַרף שטיין דאָס צייטוואָרט, וואָס דריקט אויס די טוּאוּנג? און אויב דו רעדסט וועגן אַ טואונג, וואָס איך פיר עס אויס?

65. ווי איז מערצאָל פון „דו"? ווען באַנוצט מען „איר" זיך ווענדנדיק נאָר צו איין מענטשן? וואָס איז דאָס פאַר אַ שפּריכוואָרט: „אין דער שטאָט, אין וועלכער מען איז געבאָרן געוואָרן פעלט תמיד אַ חודש"?

66. ווייזט אָן די פּערזאָן פון צייטוואָרט און דערקלערט, פאַרוואָס זי ווערט דאָ באַנוצט. ווייזט אָן ווער עס רעדט דאָ.

— איך בעט דיך, ברודער־לעב, בייס עפּעס צו.
— כ׳בין זעער זאַט, הלוואי ביז מיין ענד לעבן.
— עט, ברודערל, לאָז מיך צורו.
וואָס טייג דיר מעשיות מיר דערציילן
און יעדע לעפּעלע צו ציילן!

— — — — — — —

— שווייג, שוועסטערל־לעבן, לאָז,
אָט גיב איך זיך אַ פּיינעם בלאָז...
נו קוק, נאָר גיב ניט קיין עין הרע.
וואָס זאָגסטו איצט?
— די אַלטע צרה...
מיין זשאַבעלע, פאַרשטייט איר,
איז ניט געוואָרן ברייטער
און בלאָזנדיק זיך האָט מיין פיק־חכמה
אַרויסגעבלאָזן די נשמה.

(ריוועסמאַן)

— ר׳ וועלוועלע! הערט אויס געדולדיק!
מיט וואָס בין איך דאָ שולדיק?
שטום, עזות־פּנים! האָסט פאַרגעסן,
אַז איך וויל עסן?...
געזאָגט — און באַלד
אַנטלויפט ער מיט דעם שעפּס אין וואַלד.

(ריוועסמאַן)

67. אויב דאָס צייטוואָרט איז אין דער ערשטער פּערזאָן, שטעלט עס איבער אין דער צווייטער און דריטער; אויב דאָס צייטוואָרט איז אויסגעדריקט אין דער צווייטער פּערזאָן — שטעלט עס איבער אין דער ערשטער און דריטער. אויב עס איז אין דער דריטער — דריקט עס אויס אין דער ערשטער און צווייטער פּערזאָן.

איך קום צו אייך פון ברייטע פעלדער (טייטש). מיר זינגען לידער, אונזער הילף ביסטו אַליין (וואַרש.). ער וועט העלפן, איר וועט טויגן (מ. ר.) ווייַן וועלן מיר טרינקען, קרעפּלעך וועלן מיר עסן (פ. ליד). אַז ער וואָלט קענען, וואָלט ער זיי אַלעמען צעריסן (ריוו.). ווייס איך, וואָס ער בעבעט דאָרטן? (ביאַל.). וואָס האָסטו אַזוי האָלט בשתיקה גנבענען די הינער? (ריוו.). דו שניידסט זיך דורך דורך די קוסטעס (שוו.). מיר טאָרן אויף דעם נס ניט האָפן (ריוו.). איך גיי אַראָפּ און טו אַ קוק (יהואש). ער דאַרף דאָרטן ישבענען אַ גאַנצן ווינטער (ריוו.). זי וואַרט, זי גאַרט, זי וויל שוין זוכה זיין די ניס צו עסן (ריוו.). סקראַבעט ער זיך צו צום פענסטער און קוקט אין דרויסן אַרויס (י. ר.). זיי זיינען מרע׳יש עולם, זיי אַרבעטן אויף אַלע כלים (ריוו.). וואָס גלאָצטו אויף מיר מיט די אויגן ווי אַ קאָטער? (ש.—

ע.), זי שווייַגט, אָבער עפּעס האָט זי זיך מאָדנע פאַרקלערט (סעג.). זיי האָבן שטי־לע קינדער האָלט און זיי קומען צו באַהיטן, צו באַהיטן און באַשיצן מיט חלומות שטילע, שיינע (פרק). יאָמיר אַלע אינאיינעם די כלה מקבל פנים זיין (פ. ליד), הייב איך אָן אַזוי און זאָג (נסתר).

טאָ קויבט זשע און זינגט דער מי און דער אַרבעט.
זינגט, גריסט זי פון האַרצן מיט ליבשאַפט און הייס.

(פרוג).

68. וואָס איז אַזוינס אַ שאַראַדע? פּרובט טרעפן אָט די שאַראַדע:

ס'איז מיין ערשטער טייל אַ גייער,
שלעפּט זיך אום איבער דער וועלט!
טראָגט מיט זיך משאות שווערע,
רעגן, וואַרימקייט און קעלט.
פייפט אָן ליפּן, פליט אָן פליגלען,
אָפט פאַמעלעך, אָפט מיט האַסט.
ברענגט קיין שאָדן, ווען ער מילד איז,
מאַכט חורבנות, ווען ער כעסט.
ס'ווערט מיין צווייטע העלפט אין רייַדן
זעער אָפט באַנוצט ביי לייַטן,
כדי סיי מיר, סיי אייך, סיי יעדן,
ווער עס פעלט נאָר צו פאַרבייטן.
און אַליין בין איך אַ זיידע
מיט גרייַז־גרויע באָרד און האָר,
אין אַ פעלץ אַ ווייסן קום איך
צו אייך, קינדער, יאָר און יאָר.

(דודל).

## ד. די בייגונג פון צייטווערטער.

### אי צ ט י ק ע צ יי ט.

**דערקלערונג:**

| | איינצאָל. | מערצאָל. |
|---|---|---|
| 1־טע פּערזאָן. | איך שרייַב. | מיר שרייַב—ן. |
| 2־טע פּערזאָן. | דו שרייַב—סט. | איר שרייַב—ט. |
| 3־טע פּערזאָן. | ער שרייב—ט. | זיי שרייַב—ן. |

### פ אַ ר ג אַ נ ג ע נ ע צ יי ט.

| | איינצאָל. | מערצאָל. |
|---|---|---|
| 1־טע פּערזאָן. | איך האָב געשריבן. | מיר האָבן געשריבן. |
| 2־טע פּערזאָן. | דו האָסט „ | איר האָט „ |
| 3־טע פּערזאָן. | ער האָט „ | זיי האָבן „ |

### ק ו מ ע נ ד י ק ע צ יי ט.

| | איינצאָל. | מערצאָל. |
|---|---|---|
| 1־טע פּערזאָן. | איך וועל שרייַבן. | מיר וועלן שרייַבן. |
| 2־טע פּערזאָן. | דו וועסט „ | איר וועט „ |
| 3־טע פּערזאָן. | ער וועט „ | זיי וועלן „ |

## אויספיר § 16:

דאָס צײַטוואָרט בײַט זיך אין דער איצטיקער צײַט לויט די פּערזאָנען און צאָלן. די צוגאָבן כט, סט, ן, וואָס עס קריגן צו די פאַרשיידענע פּערזאָנען אין פאַרגלײַך מיט דער ערשטער פּערזאָן אין איינצאָל — רופט מען פּערזענלעכע ענדונגען.

פאַרגלײַכן מיר די איצטיקע צײַט מיט די איבעריקע צײַטן, זעען מיר, אַז די איצטיקע צײַט באַשטייט נאָר פון איין טייל און די איבעריקע גוויס פון צוויי טיילן, די זײַנען צונויפגעזעצטע צײַטן. דערבײַ בײַט זיך לויט די פּערזאָנען און צאָלן נאָר דער ערשטער טייל פון צונויפזעצונג. דער טייל, וואָס בײַט זיך אין דער פאַרגאַנגענער צײַט איז געוויינטלעך די איצטיקע צײַט פונעם צײַטוואָרט האָבן. אין אַנדערע ווערטער קומט אַנשטאָט „האָבן" די איצטיקע צײַט פון צײַטוואָרט „זײַן". די צײַטווערטער האָבן און זײַן, וואָס העלפן מיט בילדן צײַטן פון אַנדערע צײַטווערטער ווערן אָנגערופן הילפצײַטווערטער.

די ענדערונג פון די צײַטווערטער לויט די צײַטן, צאָלן און פּערזאָנען רופט מען אָן די בייגונג פון צײַטווערטער.

## אויפגאַבעס:

69. וועלכע פּערזאָנען האָבן אין דער איצטיקער צײַט גלײַכע פּערזענלעכע ענדונגען? וואָס פאַר אַ הילפצײַטוואָרט האָט די קומענדיקע צײַט?

70. בייגט די הילפצײַטווערטער «האָבן» און «זײַן». גיט אַ פּאָר בײַשפּילן פון אַזעלכע צײַטווערטער, וואָס זייער פאַרגאַנגענע צײַט זאָל זיך בילדן מיט «זײַן».

71. אַנשטאָט די פּינטעלעך שטעלט אַוועק די ווערטלעך, וואָס באַצייכענען די פּערזאָנען (איך, דו, ער, א. א. וו.)

... האָבן פון מיר געלאַכט (פּײַג.) ... זאָג אַלײַן, אָבער עס גייט ניט (ש.־ע.) ... גלעטן זי און בעטן זי און רופן ליבלעך: „קומ!" (נ״ד.) מיך רופט ... «פּוּפּיק» (ש.־ע.) ... האָב אַ קלײנעם ייִנגעלע (מ. ו.) ... האָט געזאָגט אַ גרויסן ליגן (ש.־ע.) ... האָט צוויי בלויע אײַגעלעך (גייז.) האָב ... שוין געהאַט אַן אמתדיק מעסערל (ש.־ע.) ... וועל ניט לאָזן גיין צום גרונד (ביאַל.) שפּילן זיך האָט ... ניט מיט וועמען (ר.) ... שפּילט מיט זיי (ב״ד.) ... נעמט מיך אָן פאַרן אויער און זאָגט (ש.־ע.) ... פאַרסט אַוועק (פּ. ל״ד) ... פלאַטערט פון צאָרן, פון בלוט איז ... רויט (אַנסקי) ... זאָלסט, מײַן קינד, נאָר שלאָפן באַלד (פרץ.) נאָר דערצו שרײַבט ... (פּײַג.) ... ווייס ניט, פון וועמען ... קומסט אַלס שליח (סעג.) ... שווערן באַזיגן די פינסטערע מאַכט (אַנסקי). ... ביסט בײַ מיר נעכטן געווען (טייטש). ... האָט געהערט אַמאָל אַ שטאָט זאָל הייסן אַנטווערפּן? (ש.־ע.) אַז ... ווילט, קאָן ... אײַך אויסלערנען (ש.־ע.) דאָס לאַכט ... פון מיר, אַ פּנים, ... לאַך אָבער פון זיי אַלע (ש.־ע.). אָט באַלד וועלן ... אַלע גיין שלאָפן, וועל ... מיך דעמאָלט אַרויסכאַפּן אין הויף אַרויס (ש.־ע.) ... געזעגענען זיך מיט גאָלדעלען און ... זאָג איר צו, אַז מאָרגן אין דער צײַט וועלן ... זיך דאָ ווידער אַמאָל זען (ש.־ע.) איז ... ניט פאַרויס געווען, וואו ... האָבן נאָר געליטן? (מ. ר.)

72. פון דער איצטיקער צײַט, וואָס אין איר שטייען די צײַטווערטער, שטעלט זיי איבער אין דער פאַרגאַנגענער און קומענדיקער.

מיר זײַנען נאָך יונגינקע קנאָספּעלעך בלויז,
מיר גלויבן, מיר האָפן, מיר שטרעבן (קינדערשאַפונג).

און שפּרינגט אַרום דאָס פייגעלע פון צווײַגעלע אויף צווייגעלע און טאַנצט און ווערט ניט מיד. (אד.) פרייט זיך וואָלקנדל ביז גאָר, רײַבט זיך דורך די אויגן (ראַבּ.) טו איך זיך אָן, וואַש זיך אײַן, עס אָפּ און קלייב זיך אין וועג אַרײַן, איך זע — מײַן שוועסטערל איידל שלאָפט נאָך געשמאַק, קען איך זיך ניט אײַנהאַלטן, גיי צו צו איר און גיב איר אַ שנעל אין נאָז (דודל). נאָר (אָסור אויב איך ווייס פאַרוואָס) פאַררייסט זיך מיט אַמאָל די נאָז, פאַרטיפט זיך אין רעיונות, פאַרגעסט אָן די מזונות (ריוו.) די אַרבעט — זי מאַטערט און מוטיקט און פרײַט

(סעג.)· שטראַל מיט אַ שײַן און ווערט פאַרשעמט און לאָזט אַראָפּ די ברעמען (ביאַל)· מיר סטאַרען זיך, מיר שוויצן (ריוו)· שמערקע זיצט הויך אויף דעם בוים און רייסט און קנאַקט און בייסט (ריוו)· אויף די כוואַליעס ציכטו זיך, ווי אַ פויגל פליסטו גיך (פיכ.)· דו ביסט ברוגז (טײַטש)· עס ווערט פון זײַ הײַליק די צײַן (ש—ע)· אַז איר דראַפּעט זיך אַרויף צו אונז אויפן בוידים און שטעלט אַרויס אַ בוס פונם קליינעם פענסטערל, אַזוי זייט איר שוין בײַ מענדל דעם שוחטס אויפן דאַך· דאָרטן לײַגט איר זיך אַוועק, ווי אַזוי איר ווילט: אָדער מיטן פּנים אַרויף אָדער מיטן פּנים אַראָפּ, יעדנפאַלס לייגן זיך מוזט איר, אַניט קען מען אייך חלילה דערזען (ש—ע)· יונגע קעפּלעך אַרבעטן, יונגע נשמות רײַסן זיך (ש—ע)· און זײַ וואַרימען און גלעטן און זיי קושן און זיי בעטן (ר)· איך הער קיין ווערט נישט· איך צעשפּיליע די קאַפּאָטע און איך לויף אויף גאָטס באַראָט טאַנצן מיט אַ שטראַל אין בלאָטע (ביאַל)·

73. פון דער פאַרגאַנגענער צייט· וואָס אין איר שטייען די צייטווערטער, שטעלט זיי איבער אין דער איצטיקער און קומענדיקער·

אַ זומערפייגעלע האָט זומער געלעבט זיך גאָר אָן קימער, געזונגען פריילעך, מונטער און האָט פאַרגעסן אָן דעם ווינטער (ריוו)· אָנגעברוגזט האָט דער ים זיך און געקנײַטשט זיך און געקרימט· פּלוצלונג האָט ער זיך צעבײַזערט (ביאַל)· דעריבער זײַנען זיי געזעסן זיך גאָר שטיל, געשמועסט מיט געפיל (ריוו)· איז געגאַנגען סטאַך זיך שלאָגן, האָט דער טײַך גענומען קלאָגן (ר)· געבאַלעוועט האָט מען מיך כלל נישט, מען האָט מיך נישט געקושט, נישט געגלעט, נישט געהאַלדזט ווי אַנדערע קינדער, און אַז איך האָב אַמאָל געוויינט, האָט מען מיך נישט אײַנגענומען מיט לאָטקעס, מיט צוקערקעלעך, מיט שפּילעכלעך, נאָר מיט פּעטש און קלעפּ (מענדעלע)· מײַנע תחינות האָסטו געליינט (פרץ)· איר זייט אויסגעוווען אַ וועלט (ש—ע)· איר האָט געהערט אַמאָל אַ שטאָט זאָל הייסן אַנטוערפּן? (ש—ע)· ס'האָבן אַנדערע געבעטן, די שטעל געוואָלט פאַרטרעטן, און אויסגעפירט האָט ער, די הי דער פעטער (ריוו)· איך בין בײַ זײַ געווען אַ מורטער, איך האָב זיי געצוואָגן, געוואַשן, זיי געגעבן עסן, טרינקען, נאָכגעקוקט, געהײַלט די וואונדן (אַנסקי)·

דער האַרבסט האָט די אויגן די מידע פאַרמאַכט·
ס'האָט עמעץ באַזילבערט די ערד בײַדערנאַכט
און האָט אונז די שויבן מיט בלומען באַדעקט·
עס האָט אינם צימער מיט שנײַען פאַרשמעקט (מייטש)·

74. פון דער קומענדיקער צייט· וואָס אין איר שטייען די צייטווערטער, שטעלט זיי איבער אין דער איצטיקער און פאַרגאַנגענער·

וועל איך זײַן אַליין, וועל איך לעבן שיין (ר)· דרייצן פּעטש וועסטו פון מיר כאַפּן (ש—ע)· פריילעך וועלן מיר זײַן, טרינקען וועלן מיר ווײַן (פ. ליד)· איך וועל אײַך מיט גאָטס הילף מאַכן אַ שטיקל אַרבעט· וועט איר צופרידן זײַן (מענדעלע)· וואָס וועט זײַן פון אים? (ש.—ע.)· דאָרטן וועט דײַן אייגעלע שטראַלן מיט אַ גלאַנץ, דײַנע מאַטע פיסעלעך הייבן זיך צום טאַנץ (הורוו.).

נישט ווײַט איז שוין דער פרילינג,
ס'וועלן שמעטערלינגען שפּרינגען.
נײַע נעסטן, נײַע פויגלען
וועלן נײַע לידער זינגען.
די קעלט וועט זײַן פאַרשוואונדן
און די וואָלקנס אויך צערונען.
בלוי וועט ווײַטער זײַן דער הימל —
נײַע שטערן, נײַע זונען.

נײַע רויזן, נײַע בלומען
וועקט דעם פרילינגס זיסער הויך.
עס וועט בליִען, שמעקן, זינגען —
און אויף אונזער [הײַפּל] אויך (פּרץ).

דער גאָלדענער פרילינג וועט קומען.
דער הימל וועט ווערן אי ליכטיק אי ריין,
די גערטנער באַשאָטן מיט בלומען.
די ערד, אין איר אַלטן געוועזענעם גליק,
וועט ווידער אי שײַנען אי בליִען,
און פרײַלעך אַהער וועלן קומען צוריק
די פײגעלעך ווידער צו פליִען. (פרוג).

## ה. שטאַם און ענדונג.

**דערקלערונג:**

1. פעלד; חברטע; טויער; יונג;
פעלד—ער; חברטע—ס; טויער—ן; יונג—ען.

2. איך באַשולדיק — מיר באַשולדיק—ן.
דו באַשולדיק—סט. — איר באַשולדיק—ט.
ער באַשולדיק—ט. — זיי באַשולדיק—ן.

**אויספיר § 17:** (זע §§ 10, 16)

די מערצאָלפאָרם באַקומט אַ צו־וואוקס, אַ צוגאָב, און אויך די פּערזאָנען ביים בייגן דאָס צײַטוואָרט. אין ביידע פאַלן הייסט דער דאָזיקער צו־וואוקס — די ענדונג. דער טייל וואָרט אָן דער ענדונג איז דער שטאַם פון וואָרט. דער שטאַם בלייבט דער זעלביקער אין ביידע צאָלן, ער איז דערזעלביקער אין אַלע פּערזאָנען.

**אויפגאַבעס:**

75. טיילט אָפּ מיט אַ שטריכעלע דעם שטאַם פון דער ענדונג.
ווייכערסט, פראַגעס, שמייכלען, רעדט, טיילט, טרעט, טריט, שיסט, שאָטנס, פענעס, ברענט, פאַלן, שטראַלן, באַזילבערן, יידענעס, שלעסער, שליסט, ווײַנען, טישן, שלאַנגען, קוקסט, באַקרוינט, מעסט, בריוו.

76. צייכנט אָן עפּעס אַזאַ זאַך, וואָס זאָל האָבן אַ געוויסע ענלעכקייט, וואָס זאָל אונז אפשר דערמאָנען אָן אַ שטאַם מיט ענדונגען, וואָס קומען צו צו אים.

# V. קלאַנגען און אותיות.

## א. וועגן טראַף און נגינה.

**דערקלערונג:**

1. האָס - טיק, לאָס - טיק צי זיך אויס. טו זיך אָן באַלד, גיי אַ - רויס! ווייל דער טאָג דאַך האַלט שוין ווייט, טאַנצט און פיל־דערט פון אַ צײַט (קוו.) וויג זיך, צע - וויג זיך, מיין הוי - דע, וויג זיך אַ - הער און אַ - הין, ס׳וויגט זיך צו - זאַ - מען דער הי - מל, ס׳ווי - גן די ביימ - לעך זיך גרין (גייד.) פיר - קאַנ - טיק; צע - וואָר - פע - נע, פאַר - טרוי - ער - טער - הייט; צו - גויפ־

גע ־ קו ־ מע ־ נע; אַ ־ רונ ־ טער ־ גע ־ שאָ ־ קל ־ טע; פו ־ נאַנ ־ דער ־ גע ־ שפּי ־ ליע ־ טער ־ הייט.

2. עס האָט מיך געפֿאַנגען דער אומעט, וואָס שוועבט אויף די טונקעלע פֿעלדער און רוט אויף די איינזאַמע ביימלעך, וואָס שטייען צעוואָרפֿן אויף זיי; דער בלויער פּאַרטרויערטער הימל, וואָס קוקט אַ פֿאַרוויינטער אַרונטער, דורך ווייסלעכע זיידענע נעפּלען, דערפֿילט מיט אַ צערטלעכן וויי (איינ.)

## אויספֿיר § 18:

טייל ווערטער קענען פֿון אונזער מויל אַרויסגעבראַכט ווערן מיט איין מאָל, אַנדערע אָבער ווערן אַרויסגערעדט אין צוויי מאָל. מיר זיינען, אַזוי צו זאָגן, אַ רגעלע מפסיק אין מיטן אַרויסזאָגן דאָס וואָרט. פֿאַראַן ווערטער, וואָס ביי זייער אַרויסזאָגן זיינען מיר צוויי מאָל מפסיק, דריי מאָל און אַזוי ווייטער. דער טייל וואָרט, וואָס קען אַרויסגעזאָגט ווערן מיט איין מאָל, הייסט טראַף. אַ זאַץ באַשטייט פֿון ווערטער, ווערטער באַשטייען פֿון טראַפֿן. ס'זיינען פֿאַראַן ווערטער איינטראַפּיקע, צווייטראַפּיקע, דרייטראַפּיקע א. אַז. וו., לויט דער צאָל טראַפֿן אין וואָרט.

אויב דאָס וואָרט באַשטייט פֿון צוויי אָדער מער טראַפֿן, ווערט איין טראַף אַרויסגערעדט מיט מער כוח, שטאַרקער, געצויגענער. דער טראַף, וואָס ווערט אַרויסגעזאָגט געצויגענער, קלאָרער, האָט אויף זיך דעם טראָפּ אָדער די נגינה (אַקצענט). איינטראַפּיקע ווערטער האָבן געוויינטלעך קיין טראָפּ ניט. ווען אָבער אַן איינטראַפּיקער וואָרט קומט פֿאַר אָדער נאָך אַ מערטראַפּיקן קאָן ער שוין האָבן אויף זיך אַ נגינה. אויך אויב מיר פֿאָרן צונויף אין אונזער רייד אַ ריי איינטראַפּיקע ווערטער, קען אַ טייל פֿון זיי האָבן אויף זיך די נגינה. ווערטער, וואָס האָבן אַפֿולע טראַפֿן, קענען האָבן צוויי נגינות (פֿונאַנדערגעטריבן). דאָס רב צווייטראַפּיקע ווערטער האָבן די נגינה אויף דעם ערשטן טראַף.

## אויפֿגאַבעס:

77. לייענט פֿאַמעלעך דאָס פֿאָלגנדיקע, אָפּטיילנדיק איין טראַף פֿון צווייטן.

ווי מילד זי איז, ווי פֿול מיט פּראַכט, עס הערשט ניט איצט קיין מענטש קיין גאָט (סעג.). לאָז מיך פֿריי, וואָס אַרט עס דיך, אַז איך וועל דאָ זיין? (ראוו.) אין וואַלד גלייך קומט, נעמט נאָר מיט די פֿאָן! (ראוו.). האַלט זיך נאָר פֿעסט פֿאַר די שטריק (נייד.). עס איז דער וועג גאָר אָן אַ ברעג (בראד.). שפּאָר, שפּאָר, קומט דער שוואַרץ יאָר און נעמט צו גאָר (שפּר.). עס ווייס נאָר נישט, ווי און ווי אַזוי דאָס וואַקסט (ש. ע.). ביגד אויף דעם זאַק, אָט גיב איך דיר אַ קנאַק (ש. ע.). און ער נעמט מיך אָן ביי דער האַנט אַזוי שטאַרק, אַז עס טוט מיר וויי. איך לאָז נישט קיין טרער, נאָר איך פֿיל, אַז עס פֿלאַמט מיר אַ באַק און דאָס האַרץ איז מיר שווער ווי אַ שטיין. איך קלער נישט פֿון דעם פּסק (ש. ע.). מען כאַפּט פֿון איר אָפּט אַ זעץ, אַ שטורך אין זייט, אַ דריי פֿאַר די אויערן (ש. ע.).

פֿעלדער גרינען, וועלדער רוישן, קלינגען גלעקער, קלינגען, גלאָקן (בראד.). פֿייגעלעך בויען נייע נעסטן (פּרוג). טייכלעך פֿליסן, פֿליסן זשומען, פֿייגעלעך טרילן, שאַלן (ראוו.), מענער, ווייבער, קינדער — אַלע זיינען זינדער (ראוו.). אין אַ ייגל צוגעלאָפֿן און דער פֿויגל איז אַנטלאָפֿן (פּרץ). איינגע, ביינגע, סטופּע, צייגע, אַרצע באַרצע, גאָלע שוואַרצע, איימעלע, ריימעלע, בייגעלע, פֿייגעלע — האָפּ! (פּ. ליד). באָרגעלע לאַכעלע, צאָלעלע ווינעלע (שפּר.). ציגעלע, מיגעלע, קאָטינקע רויטע פֿאַמעראַנצן (פּ. ליד). ייגעלע, רינגעלע, קעלבעלע, צינגעלע, נאַ דיר אַ שפּייערל, גיב מיר אַ דרייערל, כאַפּעלע, לאַפּעלע, דראַפּעלע (פּ. לידי).

78. שרייבט אויף 5 דרייטראַפּיקע, 5 פֿירטראַפּיקע, 5 פֿינפֿטראַפּיקע, 3 זעקסטראַפּיקע, און אויב ס'וועט זיך אייך איינגעבן, 1 זיבנטראַפּיקן און 1 אַכטטראַפּיקן וואָרט. ווען דאַרף מען נעמען אין אַכט ביים שרייבן די צעטיילונג אין טראַפֿן?

79. טײַלט אָפּ מיט שטריכעלעך די טראַפּן.

און פּיצעלע שטעטעלע הויקערט זיך ווידער אײַן און שווײַגט נאָך מערער (בערג.). און ווילסטו — וועט די גוטע געבענטשטע צײַט קומען ערשט צום סוף פון דײַנע יאָרן, און דו וועסט אַוועקגײן פון דער וועלט דער גרעסטער גביר (פּרץ). עס בלאַנקען קופּערנע אָפּגעפּוצטע קעסלען (ווײַס.). און געפירט האָט מען זיי דאָ אַהער און אויסגעשיקט פריער אויסצוגעפינען דעם פײַנד (אַש). פרײַלעך סווישטשען די וואָראָבײטשיקלעך, אונטערשפּרינגענדיק מיט די דינע פיסלעך אויף די דעכער (מענדעלע). איך האָב מענטשעלעך, פּאַיאַצעלעך, וואָס ברעכן זיך און שפּרינגען, פּאַיאַצעלעך און שמענדריקלעך מיט פּייקעלעך און גלעקלעך. מיט רויטע, געלע הויזעלעך, מיט אָנגעפּאַרבטע בעקלעך (נסתר). פאַלן, פאַלן פליטערלעך! פאַלן ווײַסע שפּליטערלעך, ציטערן און גלאַנצן און מיר אַלע טאַנצן (בראָד.).

דײַנע בלומען און מתנות
האָב איך הײַנט צעטײלט,
דײַנע ווילדע שטיפערייען
אַלעמען דערציילט;
איצטער וועלן אַלע מיידלעך
אָפּלאַכן פון דיר,
איצטער וועסטו לאַנגע שעהן
וואַרטן בײַ מײַן טיר (סעג.).

80. אויף דעם טראַף, וואָס טראָגט די נגינה, שטעלט דאָס צייכנדל ✓.

ווײַסע בעריאָזעגע וועלדער,
אײַנזאַמע ביימלעך אין פעלד,
שטיקער צעריסענע וואָלקנס
הענגען אַראָפּ אויף גאָטס וועלט (סעג.).

ערשט דאָ דערזעט מיך די חברה און וואונדערט זיך: עפּעס אַ נײַער, ניט קײן קענטלעכער פּאַרשוין! (ש.—ע.). און דערנאָך געלאַסענע, מיד ווי נאָך אַ חתונה, קומען זיי ווי געסט — יעדער אין נעסט (בראָד.). נאָך פרייטאָג־צונאַכטס ווערט זי באַלויכטן פון חלבדיקע בענטשליכט אין מעשענע לײַכטער אויפן טיש און אין דעם זעקס רערנדיקן קופּערנעם הענגלײַכטער אויבן מיט אַן אָדלער (מענדעלע). עס הילכן געלעכטערס פון קינדער, עס שפּריצן די וועלן מיט זילבערנעם שוים, די פייגלעך פון ברעג ווערן אַלע פאַרשוואונדן, די פישלעך אין וואַסער באַהאַלטן זיך קוים, די שטיפערס זיי יאָגן נאָך איינער דעם צווייטן... אָט ווערט פון זיי איינער אין וואַסער פאַרשוואונדן, דאָ בלײַבן זיי אַלע צעשראָקן און שטיל, דאָך באַלד שוין דערהערט זיך אַ קוויטש, אַ געלעכטער — די וועקן צעהולען זיך ווילד פונדאָסנײַ. עס באַווײַזט זיך אַ קאָפּ און אַ ראָזעווער קערפּער, צוויי הענט ווי צוויי פליגל באַוועגן זיך פרײַ (סעגאַלאָוויטש).

## ב. גערעדטע און געשריבענע שפּראַך.

**ד ע ר ק ל ע ר ו נ ג:**

1. וויפל וועט זײַן: איינס און צוויי און אָנדערהאַלבן, צוויי און דרײַ און דריטאַלבן? (פּרט.).

2. וואָס איז בעסער כאַלאָנקעס (חלה אָן קעז) צי כאַלעמיטקעס (חלה מיט קעז)? (פּרט.).

**א ו י ס פ י ר** § 19.

דאָס, וואָס איך טראַכט, קען איך אָדער אַרויס זאָגן אָדער אויפשרײַבן. די מענטשלעכע שפּראַך איז

בכן אַ צווייערלייאיקע: אַ גערעדטע שפּראַך אָדער אַ געשריבענע. די גערעדטע שפּראַך, איז די, וואָס איינער רעדט און דער צווייטער הערט; די געשריבענע—וואָס איינער שרייבט דער צווייטער זעט. די באמת לעבעדיקע שפּראַך איז די גערעדטע, זי איז דער יסוד, זי לערנט מען זיך אויס פריער, זי קענען אַלע מענטשן פון קינדווייז אויף. די געשריבענע שפּראַך—דאָס זיינען נאָר די אַלע אָנ־
יכטיקע צייכנס און סימנים, וואָס זייגען נויטיק איבערצוגעבן אונז דעם זינען פון דער גערעדטער שפּראַך; די געשריבענע שפּראַך לערנט מען זיך אויס אַ סך שפּעטער, און ניט אַלע קענען זי.
אַלע, חוץ שטומע, קענען אָן שום קונצן באַנוצן די גערעדטע שפּראַך. פאַר דער געשריבענער שפּראַך מוז מען שוין האָבן געוויסע מכשירים: אַ פענע, אַ שטיקל קריידל, אַ טאָוול, אַ העפט, אַ דרוקעריי א. א. וו.

## אויפגאבעס.

81. וואָסער מין שפּראַך באַנוצט דער לערער און וואָסער מין שפּראַך באַנוצן די שילער ביים שרייבן דיקטאַט? וועלכער מענטש קען באַנוצן די געשריבענע שפּראַך און קען ניט באַנוצן די גערעדטע? צי קען זיין אַ געשריבענע שפּראַך פאַר בלינדע און ווי דאַרף זי זיין?

82. וועלכע מעלות האָט די גערעדטע שפּראַך אין פאַרגלייך מיט דער געשריבענער? וועלכע מעלות אַקעגן האָט די געשריבענע שפּראַך?

83. ווייסט איר וואָס דאָס איז אַ גראַמאַפאָן? האָט איר אַמאָל גערעדט דורכן טעלעפאָן?

84. טרעפט פאָלגנדיקע רעטענישן: א] ניט קיין העמד — און דאָך גענייט; ניט קיין בוים — און פול מיט בלעטער; ניט קיין מענש — און רעדט צו דער זאַך. ב] אַזוי לאַנג ווי איך בעם ניט קיין טרונק, קען איך ניט ריידן. ג] ווייס געשפּרייט, שוואַרץ געזייט, וואו מען שיקט, דאָרטן גייט (פּרט).

# ג. וועגן קלאַנג און אות.

## דערקלערונג:

1. שטילער, שטילער, דאַנקען וויל ער (פרץ). שטילער, שטילער, דאַנקען, וויל, ער. שטי—לער, שטי—לער, דאַנ—קען וויל ער. ש, ט, י, ל, ע, ר, ש, ט, י, ל, ע, ר, ד, אַ, נ, ק, ע, ן, וו, י, ל, ע, ר.

2. א) בּ, ג, ד, ט, פּ, ק.

ב) אַ, אָ, ו, ײַ, ײ, י, ע, ו, ל, נ, מ, ר, וו, ז, זש, ס, ש, פ, צ, טש, כ, ה, י.

3. א) אַ, אָ, י, ײַ, ײ, ו, ע, וי.

ב) בּ, ג, ד, ה, וו, ז, זש, ט, י, כ, (ך), ל, מ, ם, נ, (ן), ס, פּ, פ, (ף), צ, (ץ), טש, ק, ר, ש, ב, ח, כ, ת, ת.

## אויספיר § 20.

דער זאַץ באַשטייט פון ווערטער, גערעדטע אָדער אויפגעשריבענע. דאָס וואָרט באַשטייט פון טראַפן. דער גערעדטער טראַף באַשטייט פון קלאַנגען. די קלאַנגען, וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט אויף איין מאָל בילדן עס דעם טראַף. דער אָנגעצייכנטער, דער אָנגעשריבענער טראַף באַשטייט פון אותיות: קלאַנג—איז דאָס, וואָס מען רעדט אַרויס און מען הערט. אות—וואָס מען שרייבט אויף און וואָס מען זעט. דער אות, דאָס איז דער סימן, דער אָנזיכטיקער צייכן פאַר דעם קלאַנג. די געשריבענע שפּראַך צעפאַלט זיך אויף אותיות, די גערעדטע — אויף קלאַנגען.

די קלאַנגען צעטיילן זיך אויף א) מאָמענט־קלאַנגען (2 א), דאָס הייסט אַזוינע, וואָס קענען אַרויסגערעדט ווערן נאָר גיך, אין איין מאָמענט, און ציען זיי לענגער קען מען ניט, און ב) געדויער־קלאַנגען (זע 2 ב), ד. ה. אַזוינע, וואָס קענען ווערן לאַנג געצויגן, וואָס מען קען זיי דויערנדיק אַרויסברענגען פון אונזער מויל.

די אותיות צעטיילן זיך אויף א) הילך־צייכנס אָדער אַליין־הילכער (זע דרייַ—א) ד. ה.

אַזוינע אותיות, וואָס ס'איז גרינג, לײַכט זיי דורכצולייענען אַליין, פאַר זיך, און אַנדערע אותיות, און ב) מ י ט ה י ל כ ע ר, ד. ה. אַזוינע אותיות, וואָס אַליין, פאַר זיך, אָן אַן אַליינהילכער, איז זיי שווערער דורכ־צולייענען.

## אויפגאבעס:

85. צייכנט אָן, ווי זעט אויס אײַער מויל בײַם אַרויסזאָגן די קלאַנגען: אַ, אָ, ע, י, ס, זש, טש, ט.

86. וועלכע קלאַנגען איז שווער אַרויסצוברענגען, בעת איר פאַרקוועטשט מיט די פינגער אײַער נאָז? וועלכע קלאַנגען זײַנען קלינגענדיקע?

87. א) ציגעלע, מיגעלע, קאָטינקע, שרײַב אָן גיך מיט דרײַ אותיות (גר. ביימ.). ב) מיט וואָס הייבט זיך אָן דער טויט און מיט וואָס לאָזט ער זיך אויס (פּרט.). ג) אין אַ מינוט איז עס איין מאָל, אין אַ מאָמענט — צוויי מאָל, אין הונ־דערט יאָר קיין מאָל ניט. וואָס איז דאָס? (גר. ביימ.).

88. שטרייכלט אונטער די אַליינהילכער מיט אַ שטריכעלע

צוגעדעקט די פיסעלעך — איך ברענג דיר מאָרגן ניסעלעך, פרישע ניסע־לעך פון וואַלד, זאָלסט מײַן קינד נאָר שלאָפן באַלד. דרימלט אײַן מײַן קינדעלע פעסט, קומען באַלד די ליבע געסט: קומען, קומען אָן צופליגן מלאכימלעך מיט זיסע אויגן. די פליגעלעך פון לויטער גאָלד, זיי האָבן שטילע קינדער האָלט. און זיי קומען צו באַהיטן, צו באַהיטן און באַשיצן מיט חלומות שטילע, שיינע, ווי עס פאַסט פאַר קינדער קליינע. מאַך נאָר צו די אייגעלעך! זיי פליען אָן ווי פייגעלעך. הערסט, מײַן קינד, הערסט, מײַן קרוין, די פליגעלעך זיי רוישן שוין! זיי פליען אָן ווי פייגעלעך, מאַך נאָר צו די אייגעלעך. שטיל, די אייגעלעך פאַר־מאַכט, האָב אַ גוטע, זיסע נאַכט (פּרץ).

89. וואָס ווערט געשטעלט אין העברעאיש אַנשטאָט נקודות? וועלכע נקודות זײַנען פאַראַן און וואָסערע אַליינהילכער פאַרבייטן זיי? ווען שטעלט מען אין יידיש נקודות?

90. טרעפט די שאַראַדע:

וועןמען לייענט צי'מען לערנט,
קענסטו זען מײַן ערשטן גליד,
לייג צום צווייטן צו אַן „ע" —
זעסטו אים בײַ יעדן שמיד.
און אינגאַנצן איז מײַן אָרט
אין מײַן ערשטן האַלבן וואָרט. (גר. ביימ.).

91.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ג | י | יי | י | ן |
| ז | | | | ז |
| ע | | | | ע |
| ר | | | | ר |
| ב | י | יי | י | ג |

שטעלט פונאַנדער די אותיות אין די קוואַדראַטן אַזוי, אַז מען זאָל קענען איבערלייענען פון אויבן אַראָפּ און פון רעכטס אויף לינקס די נעמען פון צוויי

# ד. דומפע און הילכיקע קלאַנגען.

## ד ע ר ק ל ע ר ו נ ג:

| ה י ל כ י ק ע | ב | וו | ג | ד | ז |
|---|---|---|---|---|---|
| ד ו מ פ ע | פּ | פ | ק | ט | ס |

זינגען . ליבן . וועלדער . ווײַזן . פעלד . זײַד . טאָגן.
זינקען , ליפּן , פעלדער , ווייסן , פעלט , זייט , טאָקן.

2. איך האָב אים געשיקט הונדערט ב ר י וו, און ער האָט קיין שום באַ־ג ר י ף, אַז מײַנע וו א ו נ ד ן זײַנען ט י ף (פ. ליד). אַ ב ר י וו ע ל ע דער מאַמען זאָלסטו ניט פאַרזאמען (פ. ליד). ס'איז אַ וו ע ל ט מיט וו ע ל ט ע ל ע ך (ווערטל). און ער גייט פון ש ט ו ב צו ש ט י ב ל (טייטש). אַ חכם עסט כדי ער זאָל לעבן, און אַ נאַר לעבט כדי ער זאָל עסן (שפּר.).

## א ו י ס פ י ר § 21:

פאַראַן אַזוינע פּאָרלעך קלאַנגען, וואָס די גלידער פון פּאָרל אונטערשיידן זיך דערמיט, וואָס איין קלאַנג ווערט אַרויסגעזאָגט העכער, שטימיק, ה י ל כ י ק, און דער צווייטער—שטילער, נישט הילכיק, ד ו מ פּ. (למשל ב און פּ: אונזערע ליפּן, אונזער צונג טוען דיזעלביקע אַרבעט און פאַרנעמען דיזעלביקע לאגע, נאָר „ב" איז אַ הילכיקער קלאַנג און „פּ" אַ דומפּער).

אָפטמאָל, ביים נישט געניג קלאָרן אויסשפּראַך, קען אונזער אויער האָבן אַ טעות, אַנשטאָט אַ היל־כיקן קלאַנג קען זיך אים אָפּדוכטן, אַז ער הערט אַ דומפּן—און אויב מיר דאַרפן שפּעטער דאָס וואָרט אויפ־שרייבן, ווען מיר מאַכן אַ גרייז. און אַמאָל קומט טאַקע באמת אַרויס ביי אונז אַנשטאָט אַ הילכיקן קלאַנג אַ דומפּער און פאַרקערט (למשל: ש ל אָ ג ס ט קלינגט ווי ש ל אָ ק ס ט, האַנטוועריקער ווי האַנדווערקער). הכלל, ביי אונז קאָן אָפט זיין אַ ספק, וואָס אויפצושרייבן, צי דעם אות, וואָס באַצייכנט דעם הילכיקן קלאַנג, צי דעם אות, וואָס באַצייכנט זיין געהעריקן דומפּן קלאַנג. דאַרף מען יעמאָלט פאַר זיך גופא דאָס וואָרט אַרויסריידן קלאָר און דייטליך אָדער דאָס וואָרט אַזוי אומאַנדערשן, אַז נאָך דעם מסופקדיקן אות זאָל שטיין אַן אַליינהילכער, אָדער אַ „ל" אָדער „נ"

## א ו י פ ג א ב ע ם:

92. שטרײַכלט אונטער די הילכיקע קלאַנגען מיט איין שטריכל, און די דומפּע מיט צוויי.

אַ בײַזע צונג איז ערגער ווי אַ שלעכטע האַנט (שפּר.). קינדערלעך, שרעקט זיך ניט (פייג.). אַלע אין דעם הויזגעזינד זיינען געוואָרן פינסטער (מענדעלע). איך האָב געזען דעם חורבן אונטער טיטוס האַנט. איך האָב געזען דעם מקדש קראַכנדיק אין בראַנד. (וואַלט). באַוויים עס מיט דײַן ווייסקייט (זינג). און עס בלאַנקען שפּיז און שווערד (טייטש). נאָר דער ווינט ער ברענגט אונז גרוסן פון דעם קאַלטן לאַנד (נאָמב.). ליידיקע הענט מאַכן קאַליע די ווענט (שפּר). כ'האָב מיין שיפעלע געפונען, אויפן וואַסער עס געלאָזט. און עס קומט דער ווינט און בלאָזט, יאָגט מיין שיפעלע געשווינט (פּרץ).

93. שרײַבט איבער די פאָלגנדיקע ווערטער, לייענט זײ איבער פּאַמעלעך און דייטלעך, פאַראַנדערשט זײ אַזוי, אַז עס זאָלן ניט זײַן קײַן מסופקדיקע קלאַנגען.
שיף, קעז, פאָלק, שווערד, פּײַניקט, טרײַבט, געליבטע, הייב, ווייזט, עס,

טאָג, דעקט, ווינט, רינד, פעלשט, אָוונט, באַק, זאָגט, שמריקט, בענקט, לאַנד שטוב, בלאָזט, טרייסט, וואַנט, רייטסט, רעדסט, שענקסט, באַדענקט, בייגט, קאָפּ־טוך, שאַרפזיניק, מעסט, שלייפשטיין, אָפּגעטאָקט, געזונט, געזינד, ווינד און ווייַ שניידסט, ברענגסט, קלינגסט, געקלאָגט, וועבסט, געליבט, אָפּגעלעבט, קאַלב, שטראָפּרייד, שלאָפּבאַנק, רייסצייַן, באַקציינער, טויזנט, האַנטמאַשין, פּרעגסט, שפּרינגסט, קלאַפּט, שליסט, געקלעפּט, הענגט, פּרווט, פּרעסט, גרונד, גרונט.

94. פון די געגעבענע פאַרלעך אותיות קייבט אויס דעם ריכטיקן אות און שרייבט איבער.

דערצו האָט אסתר געטוי[ג/ק]ט (ש״ע) געזונ[ד/ט] באַדאַר[וו/ף] מען טאַקע האָבן (מענדעלע). דער וועג[ג/ק] איז געוועזן אַ ביסעלע שווער (מ׳ ל׳) עס שלייכט צו אַ שטאָ[ד/ט] בייַנאַכט די שוועד[ד/ט] (פרץ) באַגרי[ז/ס]ט דעם פריינ[ד/ט] און יאָ[ג/ק]ט דעם פיינד (מ׳ ר׳) אז די באָר[ד/ט] ברענט, איז היי[ז/ס] אין מויל (שפר׳) דער ים האָט ניט קיין גרונ[ד/ט]! (ש״ע) עפּעס איז אין זיי געלעגן אַ גאַנצער אָ[ב/פּ] גרונ[ד/ט] (מענד׳). אין דער ליטע לי[ג/ק]ט דאָס שטעטל (פייג׳) דער קלאָ[ג/ק]ט מיט יללות אויפן בי־טערן גלות (מרד׳) וואָס ווינ[ג/ק]ט ער צו מיר? (סעג׳) שאַר[וו/ף] איז די שווער[ד/ט] און געשליפן (מ׳ ר׳) דיביימער שטייען פאַרטראַכט, פאַרזאָר[ג/ק]ט (מענדעלע). זיי זייַ־נען בלימעלעך אין פרייען פעל[ד/ט] (איינ׳) איצטער שטוי[ב/פּ]ט ניט אין ערגעץ (סעג׳) האָט געפירט זיי אויף אַ שליטל, אויף די גליטשן זיי געיאָ[ג/ק]ט, האָט ביי אונז אין קליינעם שטעטל אי געגעכטי[ג/ק]ט אי געטאָ[ג/ק]ט (טייַטש). אַזוי גייט עס אויף דער וועל[ד/ט]: איינער האָט דאָס בייטל, דער אַנדערער — דאָס געל[ד/ט] (שפר׳). און זוכט און זוכט און ער גריי[ז/ס]ט, ווייטער, ווייטער — און ער ווייַ[ז/ס]ט (נסתר). עס שלאָ[ג/ק]ט אין דער נאַכט פון אַ פענסטער אַ וואַרימער שיין (מ׳ ל׳). פון דעם בלויען וואָל[ג/ק]ן־ראַנד גייט אראָ[פּ/ב] דער ווייסער שניי־האָר מיט אַ פענ[ז/ס]ל אין דער האַנ[ד/ט] (טייטש). אָ, ניט געוויינ[ד/ט] האָט זיין ווייַ[ב/פּ] און קיין לייבלעכע קינ[ד/ט], נאָר איבער אים אויפן פעל[ד/ט] האָט געוואָיעט דער ווינ[ד/ט] (מ׳ ל׳).

## ה. די צישקלאַנגען.

**דערקלערונג:**

1. ס, ש; ז, זש; צ, טש; שטש.

2. **אַ** קייט, אַ לאַנגע **סטענגעלע** פון רויטן ווילדן מאָן און אויף זייַן דינעם **שטענגעלע** אַ ראַזיקער פּיאָן (ביַיד׳). זיי זייַנען **פריש** אָט די **פיש**! (בערג׳). **שוין**! פון אַ **פוס** איז שוין געוואָרן ביי אים אַ **מענטש**. און פון **אַ מענטש** „**מענטשעלעך**"! (ש—ע׳). **עס סטראַשעט** דער **שווערד** (מ׳ ר׳). דאָס **געשריי** פון דער פליג איז אים **שרעקלעך**, **אַז**

ער ציטערט אַזש (י׳ ר׳)· זיי בלישטשען און זיי לאַכן מיט ווייסע קלאָרע ציינער (טייטש)·

## אויספיר § 22:

די אָנגעוויזענע קלאַנגען רופט מען צישקלאַנגען, ווייל ביים אויסריידן זיי צישט מען אַזוי! אַ סך פון אונז פאַרבייטן די צישקלאַנגען גאָר אָפט אין ריידן און במילא אויך אין שרייבן, און דאָס טאָר מען ניט! מען מוז זיין שטאַרק אָפּגעהיט אין דעם פּרט, מען מוז זיך אויסלערנען זיי ריכטיק אַרויסריידן, זיי ריכטיק הערן מיטן אויער און, פאַרשטייט זיך, ריכטיק איבערגעבן אין שרייבן. אַניט, אויב מען פאַרבייט איין צישקלאַנג מיט דעם אַנדערן, קלינגט אַזוי מאָדנע די רייד, אַז אַלע וועלן לאַכן פון אייך.

## אויפגאַבעס:

95. געדענקט איר וועגן שׂ און ש? ווייסט איר די מעשה מיט „שבולת״? וואָס הייסט דער אויסדריק: „שטעלן אַ פּינטל אויפן ש״?

96. שרייבט איבער פאָלגנדיקע ווערטער און שטרייכלט אונטער די אותיות, וואָס באַצייכענען די צישקלאַנגען. לייענט איבער אַלע ווערטער פאַמעלעך און דייטלעך.

מעש, וועש, ווייס, קישן, קושן, סדר, סגולה, סאָד, סוף, דינסטאָג, דאָנערשטאָג, ווינטשן, רעשטלעך, שלאַנג, שלאַק, שלאָגן, בענטשן, רייצן, פלייצע, ווייץ, וויץ, ציטערן, ציבעלע, ראָזינקעס, ראַגאָזשעס, ערשטער, אייבערשטער, אונטערשטער, פאָדערשטער, שענסטער, שאַרפסטער, שלייפסט, שיסט, שוואַכסטער, שפּאַקולן, שטודירן, באַשיינפערלעך, פירשט, וואורשט, קרישטאָל, קונץ, טוץ, עקדיש, אָקאָרשט, עיקרשט, דאָרשט, זומפּ, זיפּ, יענץ, מענטש, יידיש, שפּיין, שוויגער, סטאַדע, טלופּ, פאַשען, טשערעדע, קאָשען, סערפּ, סנאָפּעס, בורטשען, סקריפּען, ליפּענעש, פּרצעס, שרייבעניש, וויסטעניש, באַשעפעניש, רוסיש, סקראָבען, שוסטער, שושקען, סאָלדאַט, זעלנער, פערציק, זעכציק, בלישטשען, טרעשטשען, סאָפּען, סטראַשען, קוויטשען, שׂמחה, צרה, שבת, טשאָלנט, שלאָפן, סוכּות, שבועות, שׂלמה, שכן, שמעון.

97. דאָ קומט „ס״ אָדער „ש״?

ני?ט ווייט ליגט אַ גע?אָ?ענער האז (פּרץ)· ווי?ט זיך מיטן האַנט אַזש פון פּנים דעם וואַרימען ?וויי? (מ׳ ל׳)· אַ גאַנצער בוים מיט פער?קע? ?טיי?ט (ש׳—ע׳)· עס האָט אים גע?טאָכן ווי מיט טיפע ?פּילקע? (אַש)· דאָס איבער?טע קלייד באַדעקט די אונטער?טע ?לייד (שפּר׳)· פאַראַן מענטשן, וואָס וואַרטן די אַגרע?ן זאָלן ווערן רויט (ש׳—ע׳)· אַז מען ?מירט אָן די רעדער, ?קריפּען זיי ניט (שפּר׳)· דאַרפן זיי פאָרן צום ?מאָליע־מאַכער לערך אַ האַלבע ?עה (פּרץ)· עפּע? האָט אים געצויגן צום געפּאָלירטן מע? (שנ׳)· פּי? ?מייכל און ווייניק ?כל (שפּר׳)· ער טשעפּעט צו צו דער וואָג דאָס אייבער?טע פון ?טייסל (ש׳—ע׳) מרגלים, הייסט עס, ?פּירן אוי? דאָס אָרט מיט ?פּאַקטיוון (אַש)· דאָס בע?טע מילכיק? איז דאָך אַ ?טיקל פליי? (שפּר׳)· וויפיל ?טערן אין הימל, אַזויפיל וויינ?ל ביי מנ?ה דעם רופא אין גאָרטן (ש׳—ע׳)· לעבן איר ?טיי?ט אַ גאַנץ גרויסער פאַלומעזיק מיט הייסע ?מעקעדיקע געצוקערטע און געפּעפּערטע פּי? (ש׳—ע׳)· מע?ג?ט פאַר אים טאַנצן בי? ?אַמע ?טעליע (מרד׳)·

98. וואָס קומט דאָ: „צ״ צי „טש״?

אַך, העמערל, העמערל, קלאַפּ! שלאָג שטאַרקער די ?וועקעס, שלאָג גיך! אַך, העמערל, העמערל, קלאַפּ! ניט גלי? פון מיין האַנט זיך אַרויס! (ר׳)· וואָר?עט עפּעס דער גזלן אונטער דער נאָז (פּרץ)· קוקן מעג מען, אָבער ניט גלאָזן (שפּר׳)· גאַנ? גוט — קאַ?קע נאָך בעסער (שפּר׳)· דאָרטן שמעקט מיט ?אַד (בערג׳)· יעדער מענ? טאַנ?ט זיך זיין טאַנ? (שפּר׳)· זיי ?ערטלען די

העַנט און האַלטן זיי שטענדיק אין העַנ?קעס (פּרץ). אַזוי זאָגט מיין ברודער אליהו און קריַ?ט מיט די ?יין (ש·—ע·). די ?ונג איז דעם מענ?גס גרעס־טער שונא (שפּר.). אַז מען לייגט זיך אָן וועַ?ערע, איז נידעריק דער ?וקאָפּן (שפּר·). די זי?ט און זי שעפּ?עט (פּרוג). דאָס טרייבן יונגע פּויערטעס די ?ערעדע אַהיים (סעג·). און אונטער דעם ווערדל זיך קאַ?עט אַ וואַסער (אד·). אַז מען טרעט אויף דער קאָ?ערע, שפּריגט זי אויף ?וריק (שפּר·). כּלא ידע קוועַ?ט זי מיט דער פּליי?ע (ריוו·). העכער קני פּאַררוקט די הייזלעך, מיט די ריי?קעט לויפן גלייך (קוו.). אין מיטן טאָג? פּלאַ?ט די סטרונע (שפּר·). אַלע קינדער קאַ?ען זיך פון געלעכטער (ש·—ע·). חלילה, ווי פּאַלט איַיך אויס אַזוינס ?ו זאָגן? עס קוועַ?ט ניט! עס טאָר ניט קוועַ?ן, עס הייבט אַפילו ניט אָן צו קניי?ן (מענדעלע). און זינגענדיק כּל־נדרי אים געניאַנ?עט און געליולעט (יהואש). עס האַלט שוין ביי פּאַ?ן זיך (מענדעלע). אַז אַ מענ? קומט אַריין אין היי?, הערט ער ניט דעם דונער, זעט ער ניט דעם בלי? (שפּר·). ?עקניי?ט פּאַר דער ? ייַט דאָס געזיכט (ר·). זיפּ ? ן און קורעב ? ן ? עברעכן א האַלבן גוף פון דעם מענ ? ן (שפּר·). און קים האָט נאָר אַ יונג באַלאַמו ? עט אויף אַן אויגנ־בליק, האָט דער קאַנ ? יק געגעבן אַ פּאַל איבערן גאַז (אַש). שטעלן אָפּ זיך גרוי־סע מענ ? ן, זוכן זיך אַן ע ? ה, קענען ניט אין וואַסער שפּריַיזן, קווע ? ן מיט דער פּליי ? ע (דודל). ווילדע קאַ ? קעס דרייַען זיך אַרום דעם ? ערעט (מענדעלע). נאָר ערגע ? אין ווינקל, פאַרשטופּט אין א שפּאַרע דאָרט ? ירקעט און ? ירקעט פאַרבאָרגן אַ גריל (אד·). אַז עס העלפט ניט קיין פּאַ ? , מוז מען נעמען די ביי ? (שפּר). דורך די ? ווייַגן גייט אַ ? יטער, גייט אַ שעפּ ? עריי אַ זיסע (יהואש). זאָג ניט הא ? ?, ביז דו ביסט ניט אַריבערגעשפּרונגען דעם קלאָ ? (שפּר·).

99. וואָס קומט דאָ ? „ז" צי „זש" ?

אין קוי?ניע איז טונקל (מענדעלע). עס גוואַד?ען שטיוול (בערג·). אין ערגעץ האָט אַ?אַבע לאַנג געקוואַקעט (שני·). ס'איר לאַנגע סטרו?קעס ביי זיי פּאַלט אַרויס ! (י·—ר·). ישׂראל דער טויבער נעמט אַרויס דאָס ראַ?יקל (ש·—ע·) דו האָסט געבלאָנד?עט אין וועג (פּ· ליד). אַז עס איז ניטאָ קיין פליי?ש, גריי?עט מען די ביינער (שפּר·). דער שניי האָט די סט?עקעס פאַרשאָטן (פּרוג). אַזוי רעדט הערשעלע איין דעם חבר און נעמט פון דער פלודערן־קעשענע אַ פּאַר? אַוועטן מ?וואָק (מענדעלע). דער סטראַ? האָט גענומען ?וכן (זש·). וואַסער אין דיי?ע איז געוועןָ ווינציק (בערג·). לעבן גוטע געסט פּאָ?יוועט מען זיך אויך (שפּר·). איינמאָל ווינטערצייט איז אַ גרויסע ?אַווערוכע געווען (פּרץ). איך האָב דייטליך געהערט דאָס ?ומ?ען פון די שויבן (ווייס). אויף דער פּריי?בע פאַר דער וואַנט עסט דער אַרבעטסמאַן זיין ברויט (שט·) דו שמירסט אויס איינ־גאַנצן די עטאַ?ערקע (י· ר·). אַז ראובעלע האָט אָנגעהויבן רייַסן אַ גאַנצן ?מוט, האָט שוין משולחן גוט פאַרדראָסן (ש·—ע·). ס'גריי?עט ווען אין האַרץ אַ מויז (קול·). די באָבע האָט געפּאַשעט מיט היר? די געגזלעך מיט די רויטע שנאַבלען (זש·). ביי בינען ביי די ?ומיקע אַ ?יסער האָניק שטייט (בייד·) אַלע ווילן בעסער זייַן בלומען און פליגעלעך און קייַעז ווייל ניט זיין קיין פאַר?מורע־טער, פּאַרסאַ?עטער שמיד (פּאָט). פּאַטזע, פּאַטזע, קיכעלעך, דער טאַטע וועט קויפן שיכעלעך (פּ· ליד). אין גראַ? ליגן פאַרפלאָנטערט אָפּטמאָל קלייַנע ?אַבקעלעך (ש·—ע·). אַ דראַבנער רעגעלע קראַפּעט, ?ימ?עט טאָג און נאַכט (סט·). טרינקענדיק גריי?עט ער דעם עמער, די דו?קעס מיט די ווייַסע שטאַר־קע ציין (סט·). ?אָגזע אויך נאָכאַמאָל (וואַרש·). ?יי שוין, קליין בעריאַזקעלע, מתפּלל פאַר מיר (אייב·).

·100 שטעלט אַריין אַנשטאָט דעם שטריכעלע „שטש·"

ווער פּי — עט דאָרטן? ווער אַרבעט דאָס? (ש·־ע·] לאַכן מיט יאַ — ערקעס (ווערטל). עס טוט אַ פּיע — ע דאָס וואַסער (ש·־ע·]. הערט נאָר

פייפן, הערט נאָר סווי — ען (פּ. מ.). מען האָט געראַ — ינעט לאַטקעס (ש.־ע.). פון באָר — מיט ברויט ווערן די באַקן רויט (שפּר.). די באַגנעטן בלי — ען (פּרץ). דער פאַרטעך שעלע — עט ווי אַ בלאַט (ש.ע.). טועו זיך די זעלנער אַן אין פלאַ—ן (ווייס.). די פריער וואַסערדיקע אויגן בלי־ען און די ליפּן שמייכלען (ווייטער). זי האָט זיך צוגעטשעפּעט צו מײַן מאַמען ווי אַ קלע — (ש.־ע.). עס טרע — עט דער מאַסטבוים, דער זעגל ער ציטערט (מ. ר.). עס הערט זיך אַ פּי — ען פון אַ קינד (אש.) זי איז טאַקע אַ יאַ—ערקע — גרין און דאַר (ווערטל). דער טוי האָט געבלי — עט ווי דימענטן (ש.ע.). אומעטום האָט מען אים געלויבט און געפּיע־ — עט (ספּ.). ער איז צו דער מדרגה געקומען האַלטן אַ נאָדל און —אבן (מענדעלע). מען האָט אים געגלעט, געלאַ — עט, אײַנגערעדט, נאָכגעגעבן אַלע קאַפּריזן ווי אַ משוגען ציטערדיק קינד (סט.). זיי שלאָגן אַן מיט אַ פּערטל מעל דעם באָר — אויף אנבייסן (אש.). די שפּיצן פון די ביקסן האָבן געגלאַנצט מיט אַלע מיני בלי — לעך (ווייס.). ווי אַ פרומער ייִד אין שמונה־עשׂרה דרייט ער פאַרביסן מיטן קאָפּ, די אויגן פאַרמאַכט, די ציין פאַר — עמעט פון ווייטאָג (ווייטער). אַכרים דער באַשטאַנ — יק האָט פון קדמונים געהאַלטן אַ „באַשטאַן”, אַ גאָרטן, בײַ אונדז אונטערן שטאָט (ש.־ע.).

101. לייענט דורך פאַמעלעך די אויפגאַבעס 98, 99 און 100. לייענט פּאָל־גנדיקעס. שרײַבט עס איבער.

זעט ער פאַר זיך אַ דײַטשל, אָנגעטאָן ווי אַ שיסער אין וואַלד, מיט אַ פּעדער אויפן קאַפּעליושל און אַ גריניעם אויפלאַג אויפן שפּענצער (פּרץ). די גאַנצע וועלט זאָרגט: די זאָרגט, וואָס די מערל איז צו שיטער, די אַנדערע זאָרגן, וואָס די פּ..רלגריין איז צו ביטער (שפּר.). אַז דאָס מזל איז קליין, כאָטש זעץ זיך און וויין (שפּר.). בײַ אונדז אין ווײַנשענק האָבן מיר געהאַט אַן אָפטן גאַסט — טשע־משעק דעם קאַפּעלמייסטער (ש.—ע.). איך בין טאַקע אַ שעמענעצער (אַש). און ווידער אין קאָזמעריש ! (סעג.). אין מעזשעריטש שטאַרבט קיין עושר ניט (שפּר.). אַ פופצן מייל אונטער מעזשיבעזש איז פאַראַן אַ דאָרף, אָנהייבן הייבט זיך אָן דאָס דאָרף מיט אַ קרעטשמע. האָבן די קרעטשמע צוויי שותּפים געהאַלטן (פּרץ). לעפּצן ! ווישט אָפּ די נאָז ! (ש.—ע.). דער שווערסטער פעלץ איז אום ווינטער גרינג; דאָס גרינגסטע העמד איז אום זומער שווער (שפּר.). אַ סמיטשיק האָב איך מיר צוגעגרייט נאָך פון לאַנג (ש.—ע.). אַז די קאַץ וואַשט זיך, וועלן זײַן געסט (שפּר.). ר' שלמה לינשעצערס פּידעלע ווײַנט אין דער גאַס און עס האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַ שטייגער (אַש). אלא וואָס דען ? מוז איך לערנען דעם פּשט און זאָגן אַ שבריזינקעלע (ש.—ע.). נאָר צווישן היי, צווישן תּבֿואות דאָרטן שמוצערן די גרילן, זומזען, צימבלען און גײַען מיט די טאַצן (מענדעלע). זשיווע־צע אויף שמירן דעם סמיטשיק האָב איך אַלײן געהאַט (ש.—ע.). יצחק לייבוש פּרץ איז געבאָרן אין שטעטל זאַמאָשץ. פריילעך סווישטשען די וואָראָבייטשיקלעך (מענדעלע). ר' מרדכילעס פאַמיליענאָמען איז טשעמערינסקי און ווײַטערס — די־ווינזישסקי.

102. וועלכער אות קומט דאָ : דער וואָס אויפן שטריכל אָדער דער וואָס אונטערן שטריכל ?

די קאַ[צ/טש] ווי[ס/ש] וואָ[ס/ש] [ז/זש]י נאַ[ס/ש]ט (שפּר.). איטלעכער באַ[ז/זש]ונדער אי[ז/זש] געווען [כ/ש]טארק באַ[ס/ש]עפטיקט. דער האָט געקווי[צ/טש]עט, גע[ס/ש]ווי[שצ/שטש]עט, געהילכט, גע[ס/ש]שריגן, בי[ז/זש] דער [ס/ש]מ[ס/ש] האָט אונז אָפּגע[ס/ש]פּרי[צ/טש]ט מיט וואַ[ס/ש]ער און אונז טאַקע מיאו[ס/ש] אַרוי[ס/ש]געטריבן (מענדעלע). ס'איז אַ לעבן, אַ פרייד, אַ פליענ[עס/יש], אַ [ז/זש]ו[ז/זש]עריש, אַ געזעגעני[ס/ש], אַ גע[ס/ש]ווי[סצ/שטש]ערײַ אומעטום (מענדעלע). דער

ווע איז געוועזן אַ בײַשעלע שווער, האָט ער געבלאָנדזשעט (מ׳ ל׳). יעדעס-יעדעס בלעטעלע איר שעפּטשעט שטיל אַ תּפילה (איינ׳). בעשער אַ פּאַטש פון אַ חכם אײַדער אַ קוש פון אַ נאַר (שפּר׳). טשווישן אלעשו שטער איז דער בעשטער שניידער יאָשל דער שטאָליער. ער מאַכט אַ היטל, ליגט עס אויפן קאָפּ ווי אַ העבטשקע. בעשער אַ פּאַטש איידער אַ פּאַלשער קוש (שפּר׳). בעשער זשיד טשו ווינטשן איידער יענעם צו שעלטן (שפּר׳). דער טאָטער האָט פאַרקויפט די קוזשניע און געגעבן אַ שפּיי אוימן שטעטל (בערג׳). אײַנער בײַט אַ קרומען אַלטן שטוואָק אויף אַ משענעם קנאָפּ אָן אַן אויערל, דער אַנדערער טוט אַ ווייזש אַ ניסל מיט אַ שווישטש, און עס געפינען זשיך דערווייל טשווי: שטאַרקע קונים. יענער מיט אַ גריינער פּאַטשערקע איז פאַרטיפט אין עשק מיט דעם חבר, וואָס באַרימט זיך מיט זיין גאָדלטעשל און אַ טשײַנערן אויערלעפעלע (מענד׳). דאָס פערדל דאָרטן אין יענעם וואָגן איז נמאַש געוואָרן טשו שטיין אַ לאַנ-געטשייט אויף איין אָרט גאָרנישט טשו טאָן, נאָר דרעמלען, מאַכן מיט דער מאָרדע און שאָקלען די אויערן, איז דאָש זיך מישב אמצושטעקן אַ ווײַזשט אַ פּאָר אייגענשפּאַנטע אקשלען, וואָש טוען זיך וואויל איבער אַ זעקל פּאָלאָווע און צו זיין זשייער גאַסט אויף ווטשערע. נאָר ביים גיין פאַרהאַקט זיך די אַקש פון זיין וואָגן אין אַ רעדל פון אַן אַנדער פורל, שיר אומצווואַרפן עש. יענטש פערדל דאָרטן, אַרויסשפּרינגענדיק פון די האַלאָבליעס, טרעט אָן אַן אַנדער פערד אויפן פוש. עש טוט אַ הירזשע און שטעלט זיך דיבאָם. די טשיג דערשרעקט זיך, טוט גיבער אַ שפּרונג און טרעט אָן דעם דאָרפשהונט אויפן וויידל. ער שפּרינגט דערשראָקן אַוועק אויף דריי פישן, היילנדיק אויף אַ קוויטש מיט אַ טשענגאָרנדיקן שלשלת (מענדעלע).

## ו. ייִד דער מיטהילבער.

### דערקלערונג:

1. יאַנקעלע וויל אַ יעגער זיין (פּרץ). פילאַדעלפיע קעגן נו־יאָרק איז אַזוי ווי אײַשישאָק קעגן ווילנע (ש׳—ע׳). יא זאָוושע דאָברע צעקײַט: יאַק נע בודע וואָדקע — נע בודע סאַכער ש׳—ע׳).

יאַרמלקע, יאַדרע, יאָהאַנעס, יורבורג, יענץ.

2. יעדער ייד האָט זיין פּעקל (שפּר׳). רופט זיך אָפּ דער קיניג אַחשורוש צו זיין וויבל, אַ קראַנקע ייִדענע. אַ יאַדישלעווע (ש׳—ע.). יאָסעלע האָט גרויס דרך־ארץ געקראָגן פאַרן צווייטן ייִנגל (אַש).

## אויספיר § 23.

דער אות „י״ איז אַמאָל אַן אַליינהילכער, אַמאָל אַ מיטהילכער, ווייל ער באַצייכנט צוויי גאַנץ באַזונדערע קלאַנגען. אַנהייב וואָרט קענען מיר אויך אַמאָל האָבן „יי״: דער ערשטער יוד איז אַ מיטהילכער, דער צווייטער אַן אַליינהילכער.

## אויפגאַבעס:

103. שטרייַכלט אונטער דעם יוד דעם מיטהילכער.

דער יאַבעדניק בלייַבט אָן אַ העמד (שפר). זי האָט זיך געיאָגט מיט איינ־קע מיידלעך (אַש). די יונגע כּוחות קומען אָפּ (סעג). יעדערער פאַר זיך, גאָט פאַר אַלע (שפר). אַ קאַרגער זופּט יויך מיט אַ גאָפּל און טרייַסלט נאָך אָפּ (שפר). יאָקל מיטן פידל, שמערל מיטן באַס שפּילן מיר אַ ליד אויפן מיטן גאַס (פ. ליד). אַ יונגער קען שטאַרבן און אַן אַלטער מוז שטאַרבן (שפר). ניט קיין בער, ניט קיין שוואַרצע יאַגדעס (ווערטל). האָסט געהערט אַ טענה פון אַ יאַט? (מרד). ס'האָט אויפגעווירט דער אַלטער ווייַן (קול). הערט אים ווי יורקעס הונט (ווערטל). יאַנקעלע איז פרייַלעכער געוואָרן (ר). זאָל זייַן יויזל, זאָל זייַן נתן, אַבי אַ חתן (שפר). אַזוי קענכט יודע שבועות צו דער ווייַסער סעודה (מרד). איז יאַכע ניט קיין כּלה! (ווערטל). זעט נאָר, ווי עס קוועלט אין אים יעדער בוים און יעדעס בלעטל (ביאַל). איך דערקען גאָרנישט, שרה־יענטע, וואָס דאָס איז (זש). פון פאַרשיידענע אַנשטאַלטן האָט מען די קינדער פּראָוויאַנט צוגעשיקט (אַש). יונג ביסטו און שיין (סעג). וואָס הערט זיך אין קלייט, אין יאַטקע? (מרד). אין ניו־יאָרק האָט מען פלוצלונג דערפילט דעם פרילינג (אַש). אויס פריץ — ווייַטער אין יאָך! (מענדעלע). די באָבע יאַכנע האָט אין אַ פרימאָרגן איר פערענע אויסגע־שאָקלט (קינדערשאַפונג). זיי זשע נישט קיין יאָלד! (מרד). ער באַטראַכט איצט זייַן רייַכן מאַיאָנטעק (סעג). איינעמס שלימזל איז יענעמס מזל (שפר). יאָסעלע זיצט אין חדר און לערנט (אַש). דו ווילסט די זיבן גוטע יאָר אויף דער רגע (פרץ). פון וואָלוועלע פיש גיסט מען די יויך אַרויס שפר. מיט יאַגדעס גע־שפייַזט זיך (סעג). און יעדער טאָן פון ליד זאָגט אָן (ר). איך האָב געוואָלט אַזוי! האָט יאַנקעלע גענומען יאָמערן (ר). עס קומט אַרייַן די מומע יענטע ש. ע.

שרייַבט איבער און שטרייַכלט אונטער די ווערטער מיט די ביידע יודן.

איך קאָן א יינגל לעמל, אַ פייער נישט קיין יונג (קוו). יידישער חן איז אומעטום שיין (שפר). קומט פון ווייט אַראָפּ אַ ייד, שוואַך און הונגעריק און מיד (דודל). מיר האָט דאָס אַוועקגעשענקט אַן עמיגראַנטס אַ ייגל (ש־ע). וואַשט זיך צום עסן דער ייד, מאַכט „המוציא״ אויף ברויט, זאָגט צו די יידן „לחיים!״—לשלום, ר' ייד (מ. ל.). אַ יינגל אַ שטיפער האָט אַ גוט קעפּל (שפר). אַ סך מוטערס האָבן אין די קינדערוויגעלעך נאָכגעפירט די יינגערע ברידערלעך און שוועסטערלעך (אַש). יינגלעך, מיידלעך שליטלען זיך, גליטשן זיך (ידיד). סאַר אַ פרייד! פריילעכע יידישע פּנימער, יידישע רייד! (מ. ל.). די גויע מיט דער יידענע האָבן פון זייער יוגנט אָן געלעבט אין שלום (אַש). נאָטקע — האָט ער אַ קאַפּאָטקע... פון אַלטן יידישן פאַסאָן (מרד). אָן יידישקייט האָט ער זיך מיטן גאַנצן האַרצן געהאַלטן (אַש). מיר האָבן אַלצדינג באַדאַרפט אייַנפּאַקן און אַוועקגעבן דער יידענע (ש־ע). און דער פּייַף פון דעם יינגל האָט דורכגעהאַקט אַלע הימלען (אַנסקי). קיינער ווערט נישט יינגער (שפר).

עס שוועבן פאַר מיר דיינע הענדלער—די יידן!
געבויגענע רוקנס, צעפּלאָנטערטע בערד,
די יידישע מאַמעס, וואָס וואַשן ביים ווייסל,
די פּנימער דאַר און שוואַרץ—גרוי ווי די ערד...

די באָרוועסע ייִנגלעך מיט כּשרע ציצית,
מיט אויגן פֿון מזרח... אַך! אויגן פֿול חן! (סעג.)

## ז. שטומער אלף.

### דערקלערונג:

1. דאָ און אום, און אויס און איין, ראַזער, רויטער, רייבער ווייַן (קול.). אַז דאָס האַרץ איז פֿול, גייען די אויגן איבער (שפּר.). ביימעלע, ביימעלע, רואיק זייַן! (פּרץ). ס'שלאָפֿט בייַם ברעג נאָך דער אויר (גייד.).

2. און וואוהין פֿליסטו, שיפֿעלע? (פּרץ). וואויל איז דעם וואָס מאַכט ווי דו (פּיכ.).

### אויספיר § 24.

אַ שטומער אות הייסט אַזאַ אות, וואָס ווערט געשריבן, אָבער נישט געלייענט, ד. ה. אַזאַ אות, וואָס באַצייכנט ניט קיין קלאַנג. א איז דער איינציקער אות, וואָס קען זייַן שטום.

דער שטומער אלף ווערט געשריבן אָנהייב טראַף פֿאַר די וואָקאַלן: ו, י, יי, וי. בכן, קען זיך אַ וואָרט מיט די אָנגעוויזענע וואָקאַלן קיינמאָל ניט אָנהייבן.

אין מיטן טראַף ווערט געשריבן דער שטומער אלף נאָך דעם מיטהילכער „ו" אויב נאָך אים דאַרף קומען אַ „ו".

### אויפגאַבעס:

105. מיט וועלכע וואָקאַלן קען זיך אָנהייבן אַ טראַף?

106. שרייבט איבער פֿאָלגנדיקע ווערטער און שטרייכלט אונטער דעם שטומען אלף.

איך, אייך, אויך, אום, אים, פּעאיק, באַפּרייאונג, טואונג, באַנייאונג, באַציאונג, נאַאיוו, געאַיילט, געאַרבעט, באַאַקערט, טריאומף, צווייאיק, געאייניקט, אייראָפּעאיש, מאאיס, העברעאיש, אַזיאַטיש, פֿאַראייביקט, אויוון.

107. אַנשטאָט פֿרעגצייכנס שטעלט אַריין וואו מען באַדאַרף דעם שטומען אַלף.

די נויט ברעכט ?ייַז און ?ייזן (ביאַל.). ?ון צינד געשווינד ?ין ?ייִוועלע אַריין (פּרץ). ?יז פֿון זיי ניט ?יינער ?ין ?יונים (פּ. ליד). ?וי, פֿילט ?ער כאָטש מיין האַרץ, מייַן שווער געמיט? (נאָמב.). דריי ווען ?יך ?יר בריוולען שרייבן (מ.). ווער ?עס ליגט ?ויף דעם ?ויוון, קריגט ניט קיין בייגל (שפּר.). ?אַרום ?יז בלאָטיק ?ון נאַס (בערג.). דאָרטן וו?ווינט אַ מלכּס קינד (פּיכ.). ווער ?עס פֿאַרשטייט ניט ?ויף דעם וו?ונק, צו דעם נעמט מען אַ שטעקן (שפּר.). ?יצט ליג ?יך ?ויף דער ?ערד דערשלאָגן (יהואש). פֿון אַ משפּחה אַ שייבער טאָר ביי? ?ונז ניט אַוועקגיין ניט ?יינער (פּ. ליד). וו?ו ?יך גיי, דאַרף איך ניט זאָגן (מ. ר.). מיר זייַנען בשלום צוגעשוו?ור־מען צום ברעג (פּרץ). מאָטל ?יז אַ וו?וילער בחור (סעג.). ווייטער גע?יילט זיך ?ין וועג (קול.). פֿרו?וו זיך, ווער פֿאַר זיי אַ מוטער (אַנסקי). ?ין דעם נייעם לאַנד וועל ?יך וו?ונדער טאָן (ר.). ער ?יז אצונד דער?יבער פֿאַר?ומערט (פּרץ). קליינע ?ער־פֿעלעך רייסט מען פֿון חדר (פּ. ליד). דער חשק וועט ?ויך באַלד פֿאַרביי?גיין (יהואש). ?יין געפֿיל ?ון ?יין פֿאַרלאַנגען האָט טיף געגליט ?ין מייַנע ביינער (ביאַל.). ?יך האָב ?ויך אָנגעריסן (סעג.). אַז דער תּלמיד ?יז אַ וו?וילער, ?יז דער רבי ?ויך אַ וו?וילער (שפּר.). דאָס פֿערדל ?יז גאָרנישט קיין פֿערדל, נאָר אַ מויל־?ייזל (ש.־ע.). ?יך ?עפֿן די ?ויגן — ?יין וואַנט ?יז ?ין שאָטן (סעג.). ?עופֿעלע, וו?ייסט ניט וו?ו ?ויס ?ון וו?ו ?יין (קול.). נאָר ?יין ?ייד ?ין גאַנץ רומעניע האָט ניט געפּאַסט ?ון ניט געשריי?ען (אַנסקי). ?יצט דער?ויף אַ פֿייגעלע, מאַכט עס צו?

די ?ייגעלעך (פּרץ). ?יינגעבויגען, ?יינגעהאָרבעט שטייט אַ ביימעלע ?ין פעלד (סעג.). אַלטער טרויער, ווער פאַרשוו?ונדן (ו.). ?יז געפאַלן די גאָלדענע פּאַווע ?יבער אַ?ע פעלדער (פ. לידי). צ?ווישן טאָג ?ון נאַכט בלייבט מיין שיפל שטיין (באָמב.). גיי ?ויפן בן־זכר ?ון קלייב מיר ?ויס אַ שיינעם בחור (פ. ליד). וו?ויל ?יז ?ונז ?ון ?וגז איז וו?ויל (נסתר). דער ?עולם הייבט זיך ?ויף פאַר?ומערט (ווייטער). ?ויף אַ בוים ?ין גריגעם וואלד אַ וו?ונדערלעכער פויגל שאַלט (פּרץ). נאָר עס בעט זיך ?ויפן קאָפּ א צילינדער ?ון צום טיש אַ גילדערן י?ייכל (מרד.). ?יך וואָלט נאָר געוו?וסט ווי? אַזוי (ר.). מאַי ווערט פאַרשוו?ונדן, מאַי ווערט פאַרפאַלן (סעג.). ווען ?יך ל?ייען ?ין בוכשטאַבן פאַרבלוטיקט רויט די נייס פון ?ייער גבור־טויט, ?יך מוז ?י וו?ייגען ?י זיך פריי?ען (יהואש). ?יך בין צו? ?ייך פון גאָט געשיקט. ?ער האָט געזען ?יר ווערט דער?ט?טיקט (ביאַלי.) ?ון ?ין פייער ?יז עס מקריב וואָס ?ים הייליק איז ?ון טיי?ער (טיימש.).

## ז. לעבעדיקער «למד» און «נון».

**דערקלערונג:**

1. א) אַ בי—סל און אַ בי—סל ווערט א פולע שי—סל (שפר.). לע—פל, ליי—בל, בלי—מל, שליי—פל, בלע—טל, שלעג—גלט; פעלד — פידל, געלט — גיטל; טישל — טישעלע.

ב) מיר וועֶ—לן קיין קאָ—רן, קיין ווייץ און קיין גערשטן ניט האָבן (אַד.). נאַ—שן, נו—צן, ני—סן, גאַ—רן; רייִדן — ריי—דנ—דע, ריי—דע—ניש; האָ—פן, האָ—פע—נונג; טרו—קן, טרי—קע—נען; טוי—זנט, טוי—זנ—טער.

2. קו—מ ען, קוי מ ען; ברע נ ען, בי נ ען; שלאַנ ג ען, ברענ ג ען; פונ־ק ען, בלאַנ ק ען; מאַנד ל ען, האנ ד ל ען, טוב ל ען.

**אויספיר § 25:**

די קלאַנגען, וואָס ווערן פאַרצייכנט דורך אַליינהילכער, בילדן שטענדיק טראַפּן. „למד" און „נון" קענען אַמאָל בילדן טראַפּן, אַמאָל ניט. אויב זיי בילדן טראַפּן — הייסן זיי ל ע ב ע ד י ק ע; דער „למד" און דער „נון", וואָס בילדן ניט קיין טראַפּן — הייסן ט ו י ט ע.

נ אָ ך אַ מ י ט ה י ל כ ע ר ז ײַ נ ע ן „ל" א ו ן „נ" ל ע ב ע ד י ק, נ אָ ך אַ ן אַ ל י י נ ה י ל־כ ע ר — ט ו י ט (בײַשפּ. 1)

דער נון איז אויך אַ טויטער נאָך מ, ב, נג, נק און נאָך אַ למד, וואָס פאַר אים קומט אַ מ י ט ה י ל כ ע ר (בײַשפּ. 2)

אין שרייבן דאַרף מען געדענקען, אַז פאַר די לעבעדיקע „ל" און „נ" קומען ניט קיין אַליינהילכער און פאַר די טויטע „למד" און „נון" מוז קומען אַן אַליינהילכער ע.

**אויפגאַבעס:**

108. שטרײַכלט אונטער די לעבעדיקע „ל" און „נ".

מיר איז די מעשה מיטן בערגל, מיטן שענקל, מיטן וועלדל שטאַרק געפעלן (ש—ע.). און צוליב די קינדערס תפילה זאָלן קוואלן פליסן קילע (פיכ.). ווי שטאָלץ און ווי מיד מען באַגעגנט דעם אָוונט (ס. ג.). דאָרטן בליען בלימעלעך, בלומען אַלערליי, פייגעלען פיל גאָלדענע שושקען זיך מיט זיי (הורוו.). האָסטו אין דיין קרעמל פון גן־עדן העט אַ בלימל? און דאָס טעלערל פון הימל? שטראַלן גאָלדענע אַ בינטל, גיב אַ פרישן, לינדל ווינטל (קאַצ.). עס פעקלט זיך דער זומער שוין און זיפצנדיק זיך זעגנט. די שוואַלבן פליען מחנות ווייז אַוועק אין דרום־געגנט (יהואש). איך וועל טרייסטן, בעטן, וויינען, וועקן, איך וועל ניט לאָזן גיין צו גרונד (ביאַל.). צייט שוין צו ליגן אין ווייכן, אין וואַרימען, בעט (מ. ל.). און אַז

וועגן דעם די קלאַנגען זיינען אין דער שטאָט ווערגאַנגען. קומען קינד און קייט צו לויפן צו די פרויען, בעטן, קויפן, זיינען אָפּגעבן אַלץ גרייט פאַר דעם מינדגסטן שטיקל ברויט (דודל). עס פליען די ווינטן און קלאָגן אויף ניי און רוישן און ברומען מיט צאָרן (פרוג). די זונען־שטראַלן פאַלן קרום און קייטע לופטן בלאָזן (יהואש). דאָס רעגנדל טריפט אַזוי פינקלדיק פיין (קול.). ניטאָ וועט ס'זאָל זיין און פלאַנצן און פירן דעם אַקער (אד.). שפּרינגענדיק און טאַנצנדיק, פינקלענדיק און גלאַנצנדיק, קומען ווייכע שניילען אויף דער ערד צו גיין (כ"ץ).

109. פאַראַנדערשט די פאָלגנדיקע ווערטער אַזוי, אַז די לעבעדיקע „ל" און „נ" זאָלן ווערן טויטע.

רעכן, צייכן, בענקל, גאָרטן, מעסערל, געבויגן, געשליפן, שטערן, איידל, טונקל, צימבלט, מיטל, ביכל, יאָגן, געריסן, קיצלט, דריידלט, געוואונטשן, געהויבן, גאַרטל, גריבלט, מיידל, פענסטער, באַדאַרפן, ווינטשן.

110. וואו מען באַדאַרף, שטעלט אַוועק אַנשטאָט דעם פרעגצייכן אַן ע.

די אויגען פאַרמאַגן צוויי פינטעלען, וואָס גלייען און פינקלען און טוקען זיך, פאַרטראַכטען זיך טיף און פאַרקוקען זיך (ביאַל.). שופרות בלאָזען, רוישען, ברומען, אַז ער זאָל בשלום קומען (ד.). אויף די גערטנער, אויף די פעלדער הער איך זיסע שטימען זינגען, ווי די פרישע בלויע וועלען רוישען, גיסען זיך און קלינגען (פרוג). איינער פון די קנויטען פינקלט שוואַכער, ווערט פאַרטונקעלט, צאַנקט און ציטערט און זיך ראַנגעלט, ווי עס וואָלט אים לופט געמאַנגעלט (יהואש). און רייד איך מוזען הימלען שטומען... די שטיינער קייקלען זיך און קומען און שלינגען דאָרשטיק גאָטס אַ וואָרט (ביאַל.).

גאָרנישט קלערען, גאָרנישט פרעגען.
קינדער וואַקסען אויפען רעגען
ווי די בלומען ווי די זאַנגען (פרץ).
דער פלאַץ איז באַיידעלט,
אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ.
עס שווינדעלט און גריבעלט
אַרויף און אַראָפּ.
דער עולם ירידעלט
אין פולען גאַלאָפּ (מרד.).
און ס'לייגט זיך אַנידער דער אָווענט
אין רויטלעכען נעפּעל פאַרהילט.
אין וואַרעמע צערטלעכע פאַרבען
און פינקעלט און טונקעלט און שפּילט.
עס פינקעלען און טונקעלען די הימעלען
און שפּילעלן און שאַפען אין שיין;
עס פינקעלען און טונקעלען די וועלען
און רוימען פיל סודות זיך איין (וואלט).
אַ זון מיט אַ רעגען! אַ זון מיט אַ רעגען!
עס לאַכען מיר גאָלדענע טראָפּנס אַנטקעגען,
זיי לויכטען אין לופטען און פאַלען אויף מיר,
ווי גאָלדענע פונקען אויף זיידענע שניר...
אַ זון מיט אַ רעגען! אַ זון מיט אַ רעגען!
עס צאַנקען די גראָזען ביים ראַנד פון די וועגען,
עס שמייכלען די בלומען, צעקושטע פון ווינט,
אַזוי ווי עס שמייכעלט דורך טרערען אַ קינד.

(לייב ניידוס).

# ט. פּאַרטונקלטע קלאַנגען.

## דערקלערונג:

1. זע דערקלערונג צום § 19.

2. מידאַכצאַך (מיר דאַכט זיך); מעבעצעך (מען בעט זיך); פלעקטאר (פלעגט ער); אַ יידעשקינט (אַ יידיש קינד).

3. פון קערנדלעך אַ היפּעלע, פון טראָפּעלעך אַ טייכעלע (שפּר.). אַ דאַנק קען מען אין קעשענע ניט אַריינלייגן (שפּר.).

4. כ'זוך מיין מזל אין ווילדן שטורים. ס'ציט מיין האַרץ צום וואַסערטורים (הירש). בעסער אין גוישע הענט ווי אין יידישע מיילער (שפּר.). אַזוי ליכטיק, לופטיק, זאַפטיק — און פריי, פריי! (סט.)

## אויספיר § 26.

אין דער לעבעדיקער גערעדטער שפּראַך ווערן אַ סך קלאַנגען אַרויסגערעדט לגמרי ניט קלאָר, און דעריבער קענען מיר אָפט ניט וויסן, ווי זיי איבערצוגעבן ביים שרייבן. אָט די אומקלאָרקייט קען זיין אַ צווייערלייאיקע: א) דאָס רב נעמט זי זיך דערפון, וואָס מיר ריידן אַרויס דאָס וואָרט אָדער אַ ריי ווערטער צו גיך אין איילעניש און כאַפּעניש. דאָס איז אַ קנאַפּע צרה, אָט אַזאַ אומקלאָרקייט. לאָמיר דאָס זעלביקע זאָגן פּאַמעלעך, לאָמיר זיך סטאַרען ניט כאַפּן, וועלן יעמאָלט קיין פּאַרטונקלטע קלאַנגען ניט זיין (ביישפּ. איינס און צוויי). ב) פאַראַן אָבער אַ מער טיפערע אומקלאָרקייט, וואָס מען קען ניט אַזוי לייכט אויסמיידן: די קלאַנגען, וואָס ווערן באַצייכנט דורך אַליינהילכער און האָבן נישט אויף זיך די נגינה, ווערן אַרויסגערעדט אומקלאָר, ווערן פאַרטונקלט. זיי ווערן פאַרטונקלט אַפילו יעמאָלט, ווען מען רעדט קלאָר און פּאַמעלעך, סיידן איר וועט בכיוון פאַלשעווען דעם ריכטיקן אויסשפּראַך (ביישפּ. דריי). ווי איר זאָלט ניט אויפשרייבן דאָס וואָרט

הליפּילע, הליפּאַלע, הליפּאַלי, הליפּעלי, הליפּעלע

וועט זיך אייך אַלץ אָפּדוכטן, אַז ס'איז אין שריפט ניט ריכטיק איבערגעגעבן געוואָרן דער קלאַנג אָדער די קלאַנגען, ווי עס באַדאַרף צו זיין: איינער וועט זאָגן, אַז ער הערט אַזוי דעם קלאַנג, דער אַנדערער וועט טענען אַנדערש א. אַז. וו.

דעריבער דאַרף מען שרייבן לויט דעם כלל: אַ פאַרטונקלטער אַליינהילכער, וואָס קומט נאָך דער נגינה, ווערט באַצייכנט דורך ע, אויסגענומען די פאַלן: יש, יק, ים (ביישפּ. פיר).

## אויפגאַבעס:

111. שטרייכלט אונטער די אותיות, וואָס באַצייכענען פאַרטונקלטע קלאַנגען.

ברויטעלע, ברויטעלע, ברויטעלע קליין! אַ ברויטעלע זאָל דאָך קיילעכדיק זיין (פּריץ). האָרעוועלע, מיידעלע, וועסטו האָבן אַ קליידעלע (שפּר.). די ערד האָט זיך באַגייט און לעבט און אָטעמט פריי (פּריץ). אַ וואָרים אין כריין מיינט, אַז קיין זיסערס איז ניטאָ (שפּר.). ליגט זיי אויף דער לאָפּעטע געשוואָלענע פון היץ (קאַצ). דרעמלט אין דאָס ביימעלע אויבן גרינעם בערגעלע (פּריץ). איצט האָט זיך אַריינגעגנבעט אין אים עפּעס אַ מין אומעטיקייט, אַ טרויעריקייט (ש. ע.). אָרים און פריילעך, לוסטיק און לעבעדיק (ווערט.). ייִנגלעך מיט פאַרשלומפּערטע בגדימלעך פלאָנטערן זיך האָפּערדיק צווישן די באַטן, קוקן מיט פאַרחידושטע בייגעריקע אייגעלעך אויף דער פריילעכער אַרבעט (שוו.). אָפּגעלויבט אין טאָג אַריין זיין אַרבעט, אויסגערעכנט איטלעכס פּיצעלע באַזונדער (מענדעלע). מאַמעס האָבן שוין אַהיים געטראָגן פון מאַרק פולע פאַרטעכער מיט פלעצלעך, מיט בינטלעך שניפּער אונטערן אָרים און טעפּעלעך סמעטענע אין די הענט (וויס.). אַלץ איז ביי יידן ווייניק, אָבער שכל האָט יעדערער גענוג (שפּר.). רוף מיר נאַר

אָבער גיב מיר לעקעך (שפּר.)

עס חלומט זיך אַ פייגעלע
געפאַנגען אין א שטייגעלע
אַ וואונדער־שיינער טרוים,
עס איז אַרויס פון שטייגעלע
און וויגט זיך אויף אַ צווייגעלע
אין וועלדל אויף א בוים (אַדלער).

112. וועלכע אַליינהילכער ווערן מער פאַר די איבעריקע באַנוצט?

113. אָנשטאָט פרעגצייכנס שטעלט אַריין די געהעריקע אותיות.

געבראָט?נ? טייב??ך פליען ניט אין מויל אַריין (שפּר.). אַ ראָז?ווע? קוויט פליקט זיך אָפּ פון מיין צווייגל (סעג.). ציב?ל?־טרערן רירן ניט דאָס האַרץ (שפּר.). ער שרייבט קאָטש?ר?ס מיט לאָפּ?ט?ס (וועריטל). די יידי?נע קריגט זיך מיט דער גוי? (אַש). דער פעט?ר בענ? לייגט אריין די הענט אין זשילעט־קעשענע (ש.—ע.). און אַרויס אין דרויסן מעגד?ל? דער שנעק (קוו.). אז עס קומט אַ פלעק אויף אַטל?ס, בלייבט עס דאָך אַטל?ס (שפּר.). זי האָט קעגן חתן־כלה מיט אַ קוי־ל?טש געטאַנצט (פרץ). עפּ?ס איז ער ווי אין אַ חלו[?] (אַש). מיט איין שוו?ב?לע קען מען פאַרברענען אַ גאַנצע שטאָט (שפּר.). מיטן טאָגל?ך שוין בין איך אַנט־שלאָפן געוואָרן (ש.—ע.). אָפּט טאַק? בין איך צו אַנד?ר? שלעכט (סעג.). נאָך אַ פ?דער יאָגט ער זיך, אַ מעש?נ? לאָזט ער אַרויס (שפּר.). אין די הענט האַלטן זיי סאמעט?נ? בייט??ך אויף טאַנץ־געלט (אַש). מיטן גיט?רן שוויס האָט מען עטל?כ? טעג און נעכט אָפּגעהאָ?ו?ט (דינ.). געלט איז קייל?כד?ק (שפּר.). ער האָט אים אָפּגעגעבן זיין האַנט?ך (אַש). פויג??ך געבונדן, ליכט??ך געצונדן, מאָרגן קומט דער אסעס?ר, וועט ער געבן בעס?ר (פ. ליד). זי נעמט דערביי פון אונטער דער טערק?שער שאַל א מתנה אַרויס: אַ פּאָר גאָלד?נ? מאַנטאָפ??ך מיט פער??ך באַ־נייט (פרץ). ער טאַק? האָט מיך אויסגעלערנט זאָגן קדיש (ש.—ע.). פאַר אַ הונ־גער?קן בייכל איז קירב?ס אַ מאכל (שפּר.). איך פלעג אַ ביסל אונטערפאַלש?וו?ן (מענדעלע). אַבר המ?לע וויים, אַז קאַרטאָפּליעס אָדער אוג?רק?ס אָדער ציב?ל?ס וואַקסן אויף דער ערד (ש.—ע.). די פיש פון טייכ?ל? איז נאָך ווייט פון בייכ?ל? (שפּר.). עס איז עפּ?ס ביי זיי טאַק? קיין שבת ניט (אַש). קאַוו?נעס אין שטאַלן, עפּל אין די זעק (קוו.). זשאַל?וועט ניט קיין מאַטעריע, וואָר?ם אַ קינד וואַקסט (ש.—ע.). אַזוי ווי אַ טאָרב? פלעקער איז קייל?כד?ק, אַזוי איז די לבנה שפיציק (ווערטל). באַב?טשק?ס רייך געקליידעט אין אַטל?ס, סאַמ?ט כאַפּן אַ טענצל (מענדעלע). איך האָב דאָס מיר טאַק? אַליין געמאַכט (ש.—ע.). איינער קומט אָנ־שמידן אַ פאָדק?ווע אַ פערד (מענדעלע). „טאָמ?ר" איז אַ יידיש? (שפּר.). תורה אין קעפּ?ל? — קאַש? אין טעפּ?ל? (שפּר.). איך נעב?ך האָב געהאָר?וו?ט איבער מיינע כוחות (מענדעלע).

טאַנצן וויל מיין מיידעל?!
איבם שיינ?ם קליידעל?
טאַנצט עס מיט גזפיל,
שפּיל, קלעזמ?ר, שפּיל! (פרץ).

114. אָנשטאָט פרעגצייכנס שטעלט אַריין די געהעריקע אותיות.

נאָר אויפן טור?ם דער וועכט?ר וואַכט (פרץ). אונטערן אָר?ם טראָגט ער אַ פעקל (מ. ל.). פון הימל ביז דעם וואָר?ם דאָ—עס שטראַלט דער גאַנצער רוים (נייד). אַ שעמעד?קער קען קיין לאַמדן ניט זיין (שפּר.). אַ וואַר?מע ווינטערד?קע זון גייט אום איבער דיין לאַנד (ווייטער). קומט אַריין ברייב? פון קין מיט אַ פולן פאַלומעס?ק קערב?ך (ש.—ע.). אַז דער קלוג?ר באַנאַר?שט זיך, בלייבט ער אויך אַ נאַר (שפּר.). צי איך מיר אַזוי אַריין אַ פּאָז?ם אין אַ נאָדל (קאַצ). אַ ניי־

?ר בעֶז?ם קעֶרט גוט (שפר.). עֶר איז ווייַטעֶר אָן אַן אָט?ם געֶלאָפן (י. ר.). זיי האָבן אַ דין הייַטל, זייַנעֶן גליטש?ק און קלעֶפּעֶד?ק און וואַסעֶר?ק אויפן טעם (ש.—ע.). אַ לעֶכ?רד?ק זאַק קעֶן מעֶן ניט אָנשטאָפּן (שפר.). עֶר דולט אים אַ ספּאָ־ ד?ק (ש.—ע.). פרילינג הייבט זיך אָן אַ קאָכ?ק, רויש?ק לעֶבן אויפן ברעֶג (שוו.). עֶר האַלט איין האַנט אין בוז?ם (ש.—ע.). אַויף אַ בויד?ם שד?ם וואיעֶן (ראָס.). די זון שיינט גלייך אויף אָר?ם און רייך (שפר.). איך שטיי נאָך אַ מינוט ביים ברונ?ם (ש.־ע.). אין די ביינער צעֶגיסט זיך אַ וואַר?מעֶ רו (מ.ל.) פון ליידיקעֶ פעֶסעֶר איז דעֶר ליאר?ם וואס גרעֶסעֶר (שפר.). אַז נאַראַנ?ם האבן ליב זיס, האָבן קלוג? אויסג?טראַכט (שפר.). פאַר אַ מינדסט נאַר?שקייַט ווערט עֶר אנגעֶצונדן (ש.־ע.). אז מעֶן צעֶטרעֶט אַ ווארֶ?ם, קרימט עֶר זיך אויך (שפר.) פון אַ גוטן קאָפּ ביז אַ שלעֶכטן קאָפּ איז אַ חלוק אַ גראשנד?ק ליכטל (שפר.). זיי האָבן גערעֶדט תרגום־טעֶרק?ש גאר אן אַנט?ק (דינ.). דאס אַקעֶגנד?קעֶ נגיד?שעֶ הויז אַ בכבוד?קס אַ ירושהד?קס און אן אַלטס (בעֶרג.). אַברהמל האָט איינגעֶוויל?גט (דינ.). מעֶן באַ־ דאַרף ניט קיין גנב?ש מעֶסעֶרל (ש.־ע). איך שטיי ביי אַ ברונ?ם אן אלטן מיט מאָך (קוו.). יוסף האָט ווידעֶר אָנגעֶהויבן זינגעֶן א ליד, אַ טרויעֶר?ק, רירנד?ק ליד (דינ.). און צולעֶצט האָט זיך גאָט אויף אים דעֶרבאַר?מט. פינסטעֶר איז געֶוועֶן די נאַכט; שרעֶקל?ך האָט געֶהעֶרשט דעֶר שטור?ם (פרוג). עֶטל?כ? קי לאזן אַרויס אַ הייזעֶר?ק, אַ קי?ש נאַר?שן „מעֶ" (מעֶנדעֶלעֶ). מיטן בעֶז?ם ווע̇ט עֶר יאגן און אַ גרויסן בעֶר ד?רשלאגן (פרץ). איין צווייג?לעֶ אַז איר פירט דורך צווישן די ליפּן, בעֶקומט איר אַ פול מויל מיט ווייַמפּ?רל?ך, וויינ?קעֶ, שמעֶקעֶד?קעֶ, מחיה נפשות! (ש.־ע.).

און טויזנט?ר שומר?ם מיט גריוו?ס פאַרווילד?טעֶ,
און טור?מס אויף טור?מס אַרום אן אַ שיעור (שוו.).

115. טרעֶפט פאלגנדיקעֶ רעֶטעֶנישן און שרייבט אויף די תשובות:

א) הונדערט ברידער אן אַ מאַמעֶן שטייען געֶבונדן אַלעֶ צוזאַמעֶן. וואָס איז דאָס?

ב) וואָס איז אונטעֶר אַ פעֶרעֶנעֶ?

ג) אדם—פון עֶרד,
אברהם—פון קאַלכאויוון,
יוסף—פאַרברעֶנט.
וואָס איז דאָס?

(פרט.).

116. אפשר ווייסט איר רעֶטעֶנישן, שפּריכווערטעֶר, וועֶרטלעֶך אדעֶר חכמות, וואָס בעֶמעֶן זיך דעֶרפון, וואָס אַ טייל קלאַנגעֶן זייַנעֶן פאַרטונקלט אין אונזעֶר אויסשפּראַך? אפשר וועֶט איר אַליין צוקלעֶרן עֶפּעֶס פון דעֶם מין? (אַ ביישפּיל־ דעֶרקלעֶרונג צום 19).

# איבעֶרחזרונג.

אויפגאבעֶס:

117. וואָס פעֶלט דאָ? וועֶלכעֶ ספקדיקעֶ אותיות דאַרף מעֶן צושטעֶלן?

גוט ?יז ?ונז ?יצטעֶר בייַם פרייל?כן פ?עֶר ?ין הויז, ביזקל דעֶר נ?פט ?ין דעֶם שטילינק?ן לעֶמפּ?ל גייט ?ויס (מ. ל.). ס'ווילט זיך ?רייַ?ן, וועֶמ?ן רופ?ן ?ון דאָס האַרץ ?יז בגילופ?ן (נייַד.). נאַראַנ?ם ?ון קראָפּ?וו? וואַקס?ן אָן רעֶג?ן (שפר.). צ?ווישן פיל הינט ווערט דעֶר האָז טויט (שפר.). בעֶס?ר אַ קו? פון אַ פרייַנ? ?יי־ דעֶר אַ קו? פון אַ פייַנ? (שפר.). טאָמ?ר גראָד הייַנט קריכט מעֶן אַרויף ?ויפן בוי־

# פשוטער פאַרברייטערטער זאַץ.

## א. זאַגבאַשטימונג אָדער צוגאָב.

**דערקלערונג:**

1. דער מלך האָט געהאַט אַ מלכה
די מלכה האָט געהאַט אַ ווייגאָרטן.
דער ווייגאָרטן האָט געהאַט אַ בוים.
דער בוים האָט געהאַט אַ צווייַג.
דער צווייַג האָט געהאַט אַ נעסטעלע.
דאָס נעסטעלע האָט געהאַט אַ פייגעלע.
דאָס פייגעלע האָט געהאַט אַ פליגעלע,
דאָס פליגעלע האָט געהאַט אַ פעדערל. (פ. ליד.)

**איך ליב דעםווינט, איך ליב דעם ים** (מ. ר.). **איינס ווייס איך** (פרוג). **בײַ אונז פאַראַן אַ קעצעלע** (קוו.) **מיט די פליגלען פאַטשן הינער** (נייַד.). **איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה** (מ. ל.). **די זון וועט דיר מיט שפּיזן אויסשטעכן די אויגן** (ביאַל.).

**אויספיר** § 27. (זע § 5.)

די בייגלידער דערקלערן, באַשטימען די הויפטגלידער. אַ בייגליד קאָן זיך באַציען (ד. ה. קאָן ענט־פערן אויף אַ פראַגע, קאָן דערגאַנצן) אָדער צום זאַכוואָרט אָדער צום זאָגוואָרט (אָדער צו אַן אַנדער בייגליד).

אַזאַ בייגליד, וואָס באַציט זיך, באַשטימט גענויער דאָס זאָגוואָרט און ענטפערט אויף די פראַגעס: וואָס? וועמען? (אָדער: פון וועמען? בײַ וועמען? צו וועמען? און אזוי ווײַטער, אָדער מיט וואָס?) הייסט זאָגבאַשטימונג אָדער צוגאָב.

די זאָגבאַשטימונג ווײַזט אָן, אויף וואָס פאַר אַ זאַך גייט איבער די טואונג, וואָס דאָס זאַכוואָרט פירט אויס. דורך דער זאָגבאַשטימונג ווערט אונז קלאָרער דאָס זאָגוואָרט. בשעת איך זאָג: „איך ליב", ווייס איך ניט, וועמען איך ליב, וואָס איך ליב, אָבער אַז מיר האָבן אַ צוגאָב: דעם ים, דעם ווינט, די מאַ־מען א. אַז. וו., ווערט דער ענין שוין מער באַשטימט און קלאָר.

**אויפגאבעס:**

119. קלערט צו און שרײַבט אויף 5 זאַצן, וואָס יעדער פון זיי זאָל באַ־שטיין סך הכל פון דרײַ גלידער: זאַכוואָרט, זאָגוואָרט און זאָגבאַשטימונג.

120. שטעלט צונויף 5 זאַצן פון פאָלגנדיקע ווערטער:

הימל, טרערן, גיסן; זון, ערד, דערוואַרימען; פאַרבײַטן, נאַכט, טאָג; טשערעדע, פויערטע, טרײַבן; מענדעלע מוכר ספרים, „דאָס קעלבל", אויפשרײַבן.

121. קלערט צו און שרײַבט אויף אַזוינע זאַצן, וואו די ווײַטערדיקע ווערטער זאָלן דאָרטן זײַן זאָגבאשטימונגען:

דעם פאָטער, דאָס קערנדל, בײַם זײַדען, צום חבר, מיט העק, די בלאָטע, ניס; מיט שטיינער, פויער, ריוח.

122. שטרייכלט אונטער די זאָגבאַשטימונג. אויף וואָסערע פראַגעס ענטפערט זי?

1) מיר זינגען לידער (וואַרש.). דער בער כאַפּט דעם ישובניק (ריוו.). מיר ווייסן די וועג (קאַצ.). גרונם גלעט די באָרד (ריוו.). די ערד זאַפּט איין די טראָפּן (אַש). אַ טרוים באַוועגט די ליפּעלעך (מ. ר.). און גרונם לייגט ניט צו א האַנט (ריוו.). דער חכם בויט אַ שטוב, דער נאַר צעבורעכט זי (שפר.). איך האָב דעם ים זיך אָפּגעגעבן (ביאַל.). די גרעזער בייגן איין די קעפּ (אַש). איך קוק דאָס אָן (סעג.). וועט ער שיקן בריוועלעך (ש.—ע.). אַ זאָק שטריקט די באָבע. זי לאָזט אַ טרער (פרוג). איך האָב ליב אַ ווינט (ר.). איך וועל היילן וואונדן. איך טראָג אַ טרייסט (ביאַל.). וועגט האָבן אויערן, גאַסן האָבן אויגן (שפר.). איין שוואַלב קען קיין זומער ניט מאַכן (שפר.). זי וועט דעם ווינט פאַרקלאָגן (פרץ). ווייל זי לינדערן די נויט, טיילט זי פרוכטן, טײַלט זי ברויט (דודל). ר׳ ניסן שטייט און וויגט אַ קינד (יהואש).

2) איך וויל אַ בריוועלע איר שרייבן (מ.). ביי אונז איז דאָ אָרט פאַר אַלעמען (פייג.). מיר שנײַדן, מיר שניידן פאַר אַנדערע ברויט (גר. ביימ.). מיר דאַרפן וואַרימקייט און ליכט! (פרץ). איך בין אַ שמיד. איך האָב אַ האַמער, אַ קאַוואַדלע און אַ שטעקן (דודל). אַ ביימל בייגט דאָס צווייַגעלע און טרייסלט אָפּ אַ טרער (דאב.). דו פאַרלאָזט די לאָנקע און דעם וועלדל, מאַך אַ סוף דערפון (אַד). פלעכט איך דיר אַ קראַנץ (פ. ליד). שפרייט איך מיר אַ זעגל אויס בלאָזט אים אויף דער ווינט (נאָמ.). ער האָט צעבראָכן די מעסער, די העק. געריסן האָט ער מיט די ציינער (מ. ל.). סע שרייבט די זון אַ בריוועלע דער מאַמע־ערד אַראָפּ (דאב.).

123. שטעלט צונויף דריי זאַצן, וואו ס׳זאָלן זײַן צו צוויי זאָגבאַשטימונגען, און צוויי זאַצן, וואו ס׳זאָלן זײַן צו דריי זאָגבאַשטימונגען אין יעדער זאַץ.

## ב. זאַכבאַשטימונג.

### דערקלערונג.

1. ער קומט דער שיינער מאַי (הורוו.). ס׳קומט אַ ווינט אַ קאַלטער (ר.). עס שטראַלט דער סאָד דער דופּטיקער (נייד.). הונדערט העלדן וואַכן (מ.ר.). און זײַן קעפּל איז צעשויבערט און די אויגן זײַנע גלאַנצן (אד.). דעם רבי׳ס ציג מעג (שפר.). שיינע, קליינע קינדער זינגען (מ. ל.).

2. די שיף שפּאַלט דאָס פינסטערע וואַסער (יהואש). אַ האַלבער אמת איז אַ גאַנצער ליגן (שפר.). יעדער שטעקן האָט צוויי עקן (שפר.). ער לײַגט צו דער באָבעס ירושה (ווערטל). א לערנערס טאָכטער בין איך דאָך (פ. ליד).

### אויספיר § 28.

די אונטערגעשטריכענע בײַגלידער באַשטימען, דערקלערן, באַציִען זיך אָדער צום זאַכוואָרט

(בײַשפּ׳ אײנס) אָדער בכלל צו אַ זאַך (צום זאַגוואָרט, צו דער זאָגבאַשטימונג, ס׳קען אויך זײַן צו אַן אַנדער זאַצגליד — נאָר אַלץ אָבער צו אַ הויפּטוואָרט). (בײַשפּ׳ צװײ׳).

אַזאַ בײַגליד, וואָס באַשטימט דאָס זאַכוואָרט אָדער אַן אַנדער זאַך און ענטפערט אויף די פראַגעס: וואָסער? וועלכער? ווען? וויפיל? — הייסט די זאַכבאַשטימונג אָדער פּשוט די באַשטימונג.

## אויפגאַבעס:

·124 קלערט צו און שרײַבט אויף 5 זאַצן, וואָס יעדערער פון זײ זאָל באַשטײן פון דרײַ גלידער: זאַכוואָרט, זאָגוואָרט, זאַכבאַשטימונג.

.125 שטעלט צונויף אַזוינע זאַצן, אַז ווײַטערדיקע ווערטער זאָלן זײַן אין זײ זאַכבאַשטימונגען:

זײַן, אונזערע, דעם פאָטערס, משה־לײבס, אָן צוקער, אַ לוסטיקער, פון שילער־קלוב, פון דער שוואַלב, זיבן, דער אַכציקסטער, צרותדיקער, יום־טובדיק, שווימען, אירע.

·126 שטרײַכלט אונטער די זאַכבאַשטימונג אויף וואָסערע פראַגעס ענטפערט זי?

עס ענדיקט זיך דער שײנער טאָג (יהואש). עס שמעקן פרישע בלימעלעך. עס יובלען יונגע שטימעלעך (אד.). געלע בלעטער וואַלגערן זיך אום (ר.). שדים פליען ווײַסע (פריד). עס קוקן צווײגן נאַקעטע (יהואש). עס קומט דער שײנער טאָג (ריוו.). אַ קראַנקער שנײַדער זיצט און נײט (אַנסקי). עס עפענען זיך די יידישע געוועלבער (נאָמב.). שטאָלצע אָדלערס פליען (מ. ר.). עס שמײכלען די גאָלדענע שטערן (פרוג). עס פלאַמען מײַנע בעקעלעך (אד.). גאָטס וועלטל גלאַנצט (ביאַל.). ברויזן פינסטערע געזאַנגען (קול.). דאָס אַלטע גליק דערוואַכט (ר.). עס קומען די טאַטעס די שטרענגע, די שטילע (סעג.) שטומע שטײנער ווען שאַלן (ביאַל.). די לעצטע בלעטער פאַלן אָפּ (פרוג). ס׳יאָגן שוואַרצע וואָלקן (נאָמב.). אַ פרעמדער פעלץ וואַרימט ניט (שפּר.). שײן איז רײַזעלע דעם שוחטס (סעג.). בײזע ווינטן יאָגן (נאָמב.).

·127 שטעלט צונויף 5 אַזוינע זאַצן, וואָס יעדערער פון זײ זאָל האָבן דאָס זאַכוואָרט, זאָגוואָרט, זאָגבאַשטימונג און זאַכבאַשטימונג.

·128 שטרײַכלט אונטער די זאַכבאַשטימונגען, צו וואָסערע זאַצגלידער באַציען זײ זיך?

שײנע קרוינען טראָגן זײ, ווײַסע פליגלען האָבן זײ (מ. ל.). דער האַרבסט האָט די אויגן די מידע פאַרמאַכט (טײטש). בײדע הענטלעך גיב איך דיר (פ.ל.). איטלעכס ווערטל האָט זיך זײַן ערטל (שפּר.). די אויגן פאַרמאָגן צוויי פינטעלעך (ביאַל.) אַ חלום אַ שײנעם האָט טילי געחלומט (אד.). און די גרויסע אַלטע בײַמער שאָקלען מיט די גרינע בלעטער (פרוג). דער ווינטער קומט מיט זײַנע שטאַרקע קעלטן (מ. ר.). שפּרייט איך מיר אַ זעגל אויס אַ לאַנגן און אַ ברייטן (נאָמב.). זײ האָבן געטרונקען דעם טײַערסטן ווײַן, די בעסטע מאַכלים געגעסן. (מ. ל.). זי האָט צוויי בלויע אײגעלעך און ברעמען לאַנגע, אײדעלע (נײַד.) און די זאַפּטיק־פולע צווײַגלעך ציען צו די בלויע הימלען (אד.). דער לעצטער שטראַל יהודהס דונקלט און פאַרגײט (וואָלט). איטלעכער מאָרגן ברענגט זײַנע זאָרגן (שפּר.).

·129 שרײַבט איבער לײב נײַדוסעס שיר „אַ חתונה" („דאָס לעבעדיקע וואָרט", זײַט 296) און ווײַזט אָן די זאַך־באַשטימונגען, וואָס באַגעגענען זיך דאָרטן.

·130 שטרײַכלט אונטער די זאַך־באַשטימונגען מיט אײן שטריכל און די זאָג־באַשטימונגען מיט צוויי.

רויטע פּאָדים שפּין איך דאָך,
אַ רײַכן טאַטן האָב איך דאָך (פ. ליד.).

איך האָב מײַן פֿאָלק געמינטערט (וואַלט). מײַן אַלטיטשקע באָבע דער־ציילט מיר אַ מעשה (פרוג). איך וועל אײַך שענקען מײַן נשמה (ביאַל). מיט שוואַרצע שאטנס איז באַדעקט דער שטילער טײַך (פרוג). ער האָט אַלע טײַכלעך מיט זילבער באצויגן (סעג). מיר לײַדן, מיר לײַדן ביטערע נויט, עפּעס א פויל־קײַט אַ זיסע פילט אָן יעדן גליד (מ. ל.). פון בעזן־בלעטער גרינינקע אַ חופה איז געשפינט (נײַד). איך האָב אַלע לידער אויסגעזוּנגען (פרוג). עס רײַסט דער צוואַנג פון אים קײַן איינציק וואַרט אַרויס, קײַן קרעכץ, קײַן זיפץ, קײַן קרים (וואלט). איך שענק דיר מײַנע הערצלעכסטע געזאַנגען (מ. ר.). ער וועט שיקן צוואַנציק דאָלאַר (ש.—ע.). ס׳וויל מיין האַרץ דיר עפּעס זאָגן (טייטש). אים פעלן די פליגל די ווייסע (יהואש). ער געדענקט דאָס ליבע קינד. ער געדענקט די טויטע דבורה (פרוג). אַשור שיקט זיין גאַנצע מאַכט (מ. ר.). זי געניסט ניט פון איר גוטס (מ. ר.). גאָט באַשערט דעם טרינקער זיין וויין און דעם שפינער זיין פלאַקס (שפר). פּאָטערס און מוטערס ברכה ברענגען דעם קינד הצלחה (שפר). איטלעכס קינד ווערט געבאָרן מיט זיין מזל (שפר). אַ גוט וואָרט ברענגט אַ גוטן ענטפער (שפר). אַלע משוגעים שלאָגן יענעם די פענסטער (שפר). אַ פוילער שליח גע־פינט אַלע תירוצים (שפר). דאָס אייבערשטע קלייד פאַרדעקט אַלע לייד (שפר). זי גלייבט איר מאַן (פרץ). די בלעטער קריגן גאָלדענע רעמלעך (פרץ). און דער פייף פון דעם יינגל האָט דורכגעהאַקט אַלע הימלען (אַנסקי). זיי זעען אַ לאַנגען שמאָלן בלויען פּאַס (ש.—ע.). זי איז אַ חסידס אַ טאָכטער (סעג). די יוגנט איז מיין גרויסער, גרויסער אוצר (קוו).

## ג. אָרטבאַשטימונג.

ד ע ר ק ל ע ר ו נ ג

א ו י פ ן פ ע ל ד ווייט אַ קעלט (ר.) פאָרן מחותנים א י ב ע ר אַלע גאַסן (פ. ליד) די פייגעלעך זינגען א י ן וו א ל ד און א י ן ט אָ ל (פרוג) זי איז געקו־מען ק י י ן י ר ו ש ל י ם (פרץ). ער האָט געלאָזט זיך צופוס פון יאַריד (מ. ל.). ער וויל בעסער פאָרן פ ו ן ה י ן ג ל ײ ך ק י י ן ל אָ נ ד אָ ן (ש.—ע.). יונגע נשמות רייסן זיך — וו א ו ה י ן?... א י ן ד ר ו י ס ן! צ ו ד ע ר ל י כ ט! צ ו ם פ ע נ ס ט ע ר! צ ו ם פ ע נ ס ט ע ר! (ש. ע.).

איז געפלויגן די גאָלדענע פּאַווע א י ב ע ר אַלע פ ע ל ד ע ר.
האָט זי פאַרלאָרן די גאָלדענע פעדער א י ן די פרעמדע ל ע נ ד ע ר
(פ. ליד).

**א ו י ס פ י ר § 29.**

די טוּאונג מוז פאָרקומען ערגעץ־וואו, עס מוז זיין אן אָרט וואו די טוּאונג קומט פאָר. אַזאַ בייגליד, וואָס באַשטימט דעם אָרט פון דעם טוּאונג, מוז זיך באַציען צו אַ צייט וואָרט.

אַ בייגליד, וואָס באַשטימט דעם אָרט פון דער טוּאונג און ענטפערט אויף די פראַגעס: וו א ו? וו א ו ה י ן? פ ו ן וו א נ ע ט? — הייסט אָ ר ט ב אַ ש ט י מ ו נ ג.

**א ו י פ ג א ב ע ס.**

131. דערקלערט מיר, וואָס הייסט עס: „די אָרט בטשטימונג באַגרענעצט די טוּאונג”?

132. שטעלט צונויף 5 זאַצן, וואו יעדערער זאָל פאַרמאָגן נאָר דריי גלידער: דאָס זאַך־וואָרט, דאָס זאָג־וואָרט און די אָרט־באַשטימונג.

133. שטעלט צונויף אַזוינע זאַצן, אַז ווייטערדיקע. ווערטער זאָלן זיין אין זיי אָרט־באַשטימונגען.

אין הימל, פון בערדיטשעוו, ביים עמוד, אויף דער פריזבע, קיין ניו־יאָרק אויף דעם בוים, אין האַרצן, פון קוימען, הינטער די הרי חושך.

134. שמוייכלט אונטער די אָרט־באַשטימונג און ווייזט אָן, אויף וואָסער פראַגע זי ענטפערט.

שטייט אַ ביימעלע אין וואַלד (קאַצ.). דבורה זיצט ביים טיש (פרוג). גאָלד לייכט פון בלאָטע אַרויס (שפר.). פון די ברייטע פעלדער איז אַ ווינטעלע געקומען (איינ.). גייען מיידלעך פון פאַבריק אַרויס (מ.). טרערן גיסן זיך אין די גאַסן (פ. ליד). אויפן פריפּעטשאָק ברענט אַ פייערל (וו.). אויפן דעכל ליגט אַ קעצל (ס.). בין איך געפאָרן קיין אָדעס (פ. ליד). אַ וועווערקע איז אין אַ ראָד געזעסן (ריוו.). שאטנס ליגן אויף די פעלדער (פרוג). אין וואַלד האָט אַ שטורים געוויטערט (מ. ל.). איך גיי אויף דעם וועג (אַש). איך שטיף אין אונזער גערטעלע (אַד.). איך שטיי ביי זיין געלעגערל (מ. ר.). עס פאַשעט זיך ניט ווייט אַ קו (אַד.). די אַלטיטשקע זיצט ביי דעם לעמפּעלע (פרוג). פיש אין וואַסער וועלן זינגען (ביאַל.). אַלטוואַרג קלייבט זיך פאַר די הייזער (שט.). איך לויף פון אייך (סעג.). פון סיביריען שיקט דער טאַטע דיר אַ גערויס (גאָמ.). פאָלן מיר אין ים אַריין (נאָמ.). די זון גיסט אַרונטער אירע ליבע שטראַלן אויף די פעלדער, אויף די בערג און גרינע טאָלן, אויף די ביימער, אויף די יונגע בלומען־קנאָספּן (אַד.). איז געפלויגן די גאָלדענע פּאַווע איבערן טייך דעם גלאָטן (פ. ליד). איר געפינט זיך אין וואַרשעווער יידישן שפּיטאָל (אַש).

135. שרייבט אויף דריי זאַצן, וואָס זאָלן פאַרמאָגן אָט די גלידער: זאַץ־וואָרט, זאַג־וואָרט, זאַג־באַשטימונג, זאַץ־באַשטימונג און אָרט־באַשטימונג.

136. טרעפט די ווייטערדיקע רעטענישן:

א) אין וואַסער ווערט דאָס געבאָרן,
אין וואַסער ווערט דאָס פאַרלאָרן.

ב) אין פייער ווערט דאָס געבאָרן,
אין פייער ווערט דאָס פאַרלאָרן (פרט.).

ג) וואו מאָלט מען מעל? („גר. ביימ.”).

137. ווייזט אָן די אָרט־באַשטימונגען:

גענוג געקלעטערט
אויף די ביימער,
יענקעלע מיין קינד!
גענוג געקייקלט
זיך אין גערטל —
אין חדר שוין, געשווינד!
גענוג געפּליושקעט
זיך אין טייכל,
יענקעלע מיין זון!...
גענוג געשטיפּט שוין
אין די קוסטעס,
ווי איז מיר און ווינד!...
גענוג געקוקט שוין
אויף די שטערן
אין אַ זומער נאַכט,
אָט נעם דעם סידור,
גיי אין חדר,
פאַר אַ תכלית טראַכט! (אַדלער).

---

# ד. צײַט־באַשטימונג.

## דערקלערונג:

אַמאָל איז געווען אַ מעשה (פּ. ליד.). נאָר זעלטן, זעלטן זע איך אים (מ. ר.). איך האָב ליב אַ שיף נאָך פון קינדווײַז אויף (ר.). ער טראָגט זי פון דער חופּה אָן, שבת, יום־טוב, אומדערוואַכן (מרד.). אַ נאַכט אַ גאַנצע טרוימען זײַ פון בלומען און פון פײַגעלעך (נייד.). זײַ זײַנען אַוועק אין אַ פינסטערע צייט, אין שווערע, אין ביטערע יאָרן (פּרוג).

## אויספיר § 30. (זע § 13).

די טואונג קומט שטענדיק פאָר אין אַ געוויסער צייט. בעת מען דערציילט מיר וועגן עפּעס אַ טואונג, קען איך אַלעמאָל שטעלן די פראַגע: ווען איז זי פאָרגעקומען? ווי לאַנג איז זי פאָרגעקומען? די צייט, וואָס אין איר שטייט דאָס צייטוואָרט, זאָגט מיר שוין עפּעס וועגן דעם, אָבער נאָך זייער ווייניק און אומקלאָר. למשל, אַז דאָס צייטוואָרט שטייט אין דער פאַרגאַנגענער צייט, ווייס איך, אַז די טואונג איז פאָרגעקומען, איידער איך רייד וועגן איר. אָבער טאַקע ווען, און ווי לאַנג האָט עס געדויערט — דאָס ווייס איך נאָך ניט. דערצו מוז איך האָבן אַ באַזונדער זאַצגליד.

אַ בײַגליד, וואָס באַשטימט די צייט פון דער טואונג און ענטפערט אויף די פראַגעס: ווען? ווי לאַנג? — הייסט צייט־באַשטימונג.

## אויפגאַבעס.

138. צי קען זיך די צייט־באַשטימונג באַציִען צו אַ הויפּטוואָרט? און צו אַ זאַכוואָרט קען זיך עס באַציִען?

139. שטעלט צונויף 5 זאַצן, וואָס יעדערער פון זײַ זאָל באַשטיין נאָר פון דרײַ גלידער: זאַך־וואָרט, זאָג־וואָרט און צייט־באַשטימונג.

140. שטעלט צונויף אַזוינע זאַצן, אַז די ווײַטערדיקע ווערטער זאָלן זײַן אין זײ צייט־באַשטימונגען:

שבועות, מיט טאָגלעך, פון פאַראַכטטאָגן, אויף דער עלטער, פרײַ פרייטאָג־צו־נאַכט, נאָך הבדלה, דעם האַרבסט, אַ חודש, שפּעטער, תּיכּף ומיד.

141. שטרײַכלט אונטער די צייט־באַשטימונג און ווײַזט אָן, אויף וואָסער פראַגע זי ענטפערט.

ווינטער בלאָזט דער ווינט (ר.). שטערנדלעך פינקלען בײַנאַכט (ידיד.). איצטער שלאָפט דער רויטער האָן (מ.ל.). דער שלאָפער איז אַלעמאָל דער זינדער (ריוו.). שטענדיק שײַנען מיר (כ"ץ). די נאָדל רודערט טאָג און נאַכט (אַנסקי). ער דאַרף ישבֿענען אַ גאַנצן ווינטער (ריוו.). ס'רוט די גאַנצע וועלט אַצינד (פיכ.). איך ברענג דיר מאָרגן ביסעלעך (פּרץ). שבת גייט יאָסל אוועק נאָך וואַרימעס (יר.). ער האָט אין דעם זומער פיל הײַזער געבויט (ר.). אייביק איז זי נאַס, אַפילו זומער (ש״ע). ער האָט געאַרבעט טעג כּסדר (יהואש). דאָרט בײַנאַכט באַווײַזט זיך מאָניש (פּרץ). יידן דאַרפן יום־טוב גרינגס (ש״ע). גיט מען מיר דאָס ביקסעלע אויף פינף יאָר כּסדר (פּ.ליד). זײַן בויגן גילט איצט נאָך ווי אַמאָל (מ.ר.) און ערשט דעמאָלט שטילט זיך דער ווינט (פּרץ). ער חלומט פון דעם פרילינג אין די קאַלטע נעכט (ש. ר.). זומער אוונט אינדערפרי איז אַ שניי געגאַנגען („גר. ביימ.“). די אַרבעט טרײַבט מיך פרי אַרויס און לאָזט מיך שפּעט צוריק (מ. ר.). ער וויל די זיבן גוטע יאָר תּוך כּדי דיבור (פּרץ). אַלע דרײַ זעען פאַר זיך אַלע טאָג איינס און דאָסזעלביקע (ש״ע). מיר וואַרטן אַ האַלבע שעה, אַ שעה, צוויי שעה (ש״ע). ער דאַוונט שוין ניט פאַרן עמוד פון שמחת־תּורה אָן (ש״ע). הושענא־רבּה אויפדערנאַכט און שבועות אויפדערנאַכט שפּאַלט זיך דער הימל (ש״ע).

142. שרײַבט אויף: א) דרײַ זאַצן, וואָס זאָלן האָבן הן אַ צייט־באַשטימונג הן אַן אָרט־באַשטימונג; ב) צוויי זאַצן, וואָס זאָלן פאַרמאָגן: די הויפּטגלידער, זאַך־ און זאָגבאַשטימונגען, צייט און אָרטבאַשטימונגען.

143. טרעפט אָט די רעטענישן:

א) זומער טוט ער אן דעם פעלץ, ווינטער טוט ער אויס דעם פעלץ.
ב) ווער קומט אַלעמאָל צו פריי?
ג) ווער קומט אַלעמאָל צו שפּעט?
ד) וועו זײַנען קרעפּלעך געשמאַק? (פרט.).

144. וואו איז דא דאס זאַכוואָרט? די צייט-באַשטימונגען?

זונטאג — בולבע,
מאנטאג — בולבע,
דינסטאג — בולבע,
מיטוואך — בולבע,
דאנערשטאג און פרייטאג — בולבע,
שבת אויף אַ נאַוועטנע אַ קוגעלע פון בולבע,
זונטאג — ווייטער בולבע! (פ. ליד).

145. שטרײַכלט אונטער מיט איין שטריכעלע די אָרט-באַשטימונגען און מיט צוויי — די צײַט-באַשטימונגען.

איך בין נאָך קײנמאָל בײַם ים ניט געווען (סעג.). עס שלײַכט צו אַ שטאָט בײַנאַכט די שווערד (פרץ). אויף די פעלדער ליגט שוין רו (שט.). נאָך בײַנאַכט פון שטוב צו שטוב גייט און קלאַפּט דער אַלטער שמש (פרוג). אין דעם הײַזל זיצט אַ משפחה פון יאָרן לאַנג (אש). אויף די גרינע צווײַגעלעך שלאָפן שוין די פייגעלעך (פרץ). אָט שטעלט שוין די מלכה אירע טריט אויפן שטאָפל דעם ערשטן (טייטש). מאָרגן און באַגינען וועט מיך זון געפינען ערגעץ ווײַט אויף וועגן (ראָס). אין אַן אלול-נאכט אַ ווײַסע איז זי שפּעט אַהיים געגאַנגען (סעג.). וואָלקנס שוועבן אויף דעם אָפּגרונט. שווער אין שטורים איז דאָס שווימען (פרוג). דאָס גאַנצע הויזגעזינד דעם אַרענדאַרס איז אַצינד אין דרויסן (מענדעלע). פון דאָרטן גייט זי אויף אַ גאַנצן טאָג אין פעלד אַרײַן (מענדעלע). דער שוואַכער און דער שטאַרקער לויפן זיך באַהאַלטן אין וועלדער און אין היילן און אין פעלזן-שפּאַלטן (וואלט.).

כ'וואוין דאָרט אויף דער שמאָטע-גאַס
אין אַ קעלער — פײַכט און נאַס,
מיט אַ גרויס געזינד!
זומער קומט דאָרט נישט אַרײַן
פון דער ליבער זון קיין שײַן,
ווינטער בלאָזט דער ווינט.
איך גיי מײַן גאַנצן לעבן אום... (ר.).

און פּאַזע די ברעגן צעוואָרפענע שטייען
די אָרימע הײַזלעך, געדעקטע מיט שטרוי,
און ס'קוקט מיט אַ נאַגנדן טרויער אין וואַסער
פון אויבן דער הימל, פאַרוואָלקנט און גרוי.
און ס'אַרבעט דער פויער פון סאַמע באַגינען
אין פרוכטלויזן פעלד, אויף די טרוקענע זאַמד.
בילדער פון ליטע, דער אָרימער היימאַט,
ווי לעבעדיק שטייט איר פאַר מיר אין דער פרעמד (טייטש).

## ה. שטייגער-באַשטימונג.

**דערקלערונג:**

גיי איך פּאַמעלעך — זאָגט זי איך קריך!

גיי איך גיך — זי רײַסס די שיך! (פ. ליד).

**און ווי אַזוי פליט די באַן! און ווי אַזוי קלאַפּן די רעדער!** (ש.—ע.). **דריי מאָל** קרייט דער רויטער האָן (מ. ל.). די גרעזעלעך בליִען אין **פעלד אַלע גלייך** (פּיכ.). הײַנט איז טאָג אויף לינקער זייט **ברוגז** אויפ־געשטאַנען (דאב).

> ווי **פליִנק**, ווי **עלאַסטיש** די עלטערן שנײַדן,
> ווי **קונציק** די קינדער פאַרבינדן אַ סנאָפּ (סעג.).

## **אויספיר** § 31.

אַחוץ די פראַגעס: „וואו קומט פאָר די טואונג?“ און „ווען קומט פאָר די טואונג?“ — קען נאָך געשטעלט ווערן די פראַגע: „ווי אַזוי קומט די טואונג פאָר? אויף וואָסער אופן, אויף וואָסער שטייגער ווערט זי דורכגעפירט? למשל, אַז איך זאָג נאָר „איך גיי“ און דערענדיק ניט, ווי איך גיי, קאָן געמאָלט זיין, אַז איך גיי גיך אָדער פּאַמעלעך, שפּרינגענדיק און טאַנצנדיק אָדער סטאַטעטשנע, אָרענטלעך, מעשה שטאָט - באַלעבאָס, איך גיי צום ערשטן מאָל אָדער אפשר גיי איך גאָר, ווי אַ נאַר, צוויי מאָל א. אַז. וו. הייסט עס, אַז צו דער טואונג פאָדערט זיך נאָך אַ וואָרט, וואָס זאָל מיר באַשטימען דעם שטייגער פון דער טואונג, און ערשט געמאָלט ווערט פאַר מיר די טואונג בעצם קלאָרער.

אַ בייגליד, וואָס ווײַזט אָן אויף דעם שטייגער, ווי אַזוי די טואונג ווערט דורכגעפירט, און ענטפערט אויף די פראַגעס: **ווי? ווי אַזוי? אויף וואָסער שטייגער?** (אויף וויפל מאָל?)—הייסט **שטייגער־באַשטימונג**.

## **אויפגאַבעס:**

146. צי קען מען זאָגן, אַז די שטייגער־באַשטימונג באַגרענעצט די טואונג?

147. שטעלט צונויף 5 זאַצן, וואו אַחוץ די הויפּט־גלידער זאָלן אויך זיין שטייגער־באַשטימונגען.

148. שטעלט צונויף אַזוינע זאַצן, אַז די ווייטערדיקע ווערטער זאָלן זיין אין זיי שטייגער־באַשטימונגען.

רואיק, ציכטיק, על־פּי יושר, אין איילעניש, מיט רחמנות, זיבן מאָל, צופוס, ווי אַ פייגעלע, שלאָפנדיק, פאַרכמאַרעט, ווי די וואַנט, פאַרטרויערט.

149. שטרײַכלט אונטער די שטייגער־באַשטימונג און ווייזט אָן, אויף וואָסער פראַגע זי ענטפערט.

ליכטיק שיינט דער אונטשטערן (פרוג). איך טרעף אים תמיד שלאָפנדיק (מ. ר.). **דאָך רואיק** קוקט דער גרײַז (וואלט.). אַלע זיינען גלייך (ש.—ע.). **דאָס קינד האָט ווײַנענדיק** צוגעהאָלפן (פרץ). גלייך און געלאַסן קלינגט ער (נאָמ.). **ער טראָגט זיך האַסטיק**, ווילד (ר.). איצט וואַקסן דערנער אָן אַ צאָל (פרוג). **און ער גראָבט אַלץ טיפער** (נאָמ.). דער תלין בלײַבט דערשטוינט. פאַרוואונדערט **בלייבט דער פיינד** (וואלט.). וואונדער טוט ער אָן אַ צאָל (מ.—ר.). די מאַמע **איז געוועזן** טויט ווי די וואַנט. דער ברודער איז, פאַרקערט, געוועזן רויט ווי פייער (ש.—ע.). גייט ער שוין צוריקוועגס צופוס אָן אַ ניגון (ש.—ע.). שטיל און רואיק **שלאָפט דער** שמש (פרוג). ס'שפּאַנט דאָס פערדל טריט ביי טריט (שט.). **אַלע שטייען אָן** לשון און ציטערן ווי די לעמעלעך (ש.—ע.). די מאַמע **האָט** מיך **גע־האָדעוועט אויף** טײַטלען און פייגן (פ. ליד). דער פראָסט ווערט **גרעסער** (פרוג). דייך **בעט** מיט טרערן און מיט שרעק דיין טרייע ליבע מוטער (פ.—ליד). **און ווילד און ווילדער אַלץ** דעם זיגערס כעס ברענט (וואלט.). ווייגשל **בלינצלען עפּעס ממזרש**, גנבהש, ווי מיט אויגן (ביאַל.).

> **שפּילנדיק קרײַזלט דער נאַכטווינט די גראָזן.**
> **ס'וויגן די ווערבעס פאַרשלאָפן דעם קאָפּ** /יהואש/.
> **און ס'צעזינגען זיך מאַשינען**
> **שטאַרק און טרויעריק צוזאַמען** /קול./.
> **איך קום צעקלעמטערהייט אַהיים**

אין פינסטערניש געהילט;
מײַן בלײַכע פרוי דערציילט מיר באַלד,
ווי פײַן דאָס קינד זיך שפּילט.
ווי זיס עס רעדט, ווי קלוג עס פרעגט... /מ. ר./.

150. שרײַבט אויף: א) דרײַ זאַצן, וואָס איטליכער פון זיי זאָל האָבן אי א צײַט־באַשטימונג אי אַן אָרט־באַשטימונג אי אַ שטײַגער־באַשטימונג; ב) צוויי זאַצן, וואָס זאָלן באַשטײַן אַ חוץ די הויפּטווערטער נאָך פון די אָקאָרשט אָנגעווייזענע באַשטימונגען און דערצו אויך פון זאַך־ און זאָג־באַשטימונגען.

151. טרעפט אָט די רעטענישן:

א) ער פליט אָן פליגל,
ער מויערט אָן ציגל,
ער לייגט זיך ווי אַ האַר,
ער שטייט אויף ווי אַ נאַר.

ב) הויך ווי אַ מויער,
גראָב ווי אַ פּויער,
זיס ווי צוקער,
ביטער ווי גאַל /פּרט./.

152. ווײַזט אָן די שטײַגער־באַשטימונגען.

## די בין.

פון איר קלײנעם קעמערל
זשומענדיק אַ זמרל
קומט אַרויס די גאָלדענע
רירעוודיקע בין.
זעט זי וואו אַ בלעטעלע,
שפּירט זי וואו אַ קווײַטעלע,
שפּרײַטנדיק די פליגעלעך
לאָזט זי זיך אַהין.
שמעקנדיק און זוכנדיק,
לעקנדיק און ניוכענדיק
אונטער יעדן גרעזעלע,
אונטער יעדן בלאַט
נעמט זי נאַר, וואָס וויכטיק איז... /יהואש/.

## א ווינטערנאכט.

ווײַס באַצויגן איז די וועלט
מײַלנווײַז אַרום.
אײַנגעפראָרן אין דער קעלט
ליגט די געגנט שטום.
דער לבנהס ערנסט בילד
בלײַך און רויִק שטראַלט.
און די שטערן פינקלען מילד,
פּראַסטיק־זיס און קאַלט.
און פאַרדעקט מיט בלויִעם ליכט
גלאַנצט דער האַרטער שניי.
און עס גלימצערן געדיכט
פונקען אַלערליי,
שליטנס קומען פון דער ווײַט
ווי פון טרוימלאַנד אָן.

דורך דער קאַלטער רואיקייט
הילכט דער גלאָקנטאָן /יהואש/.

# ו. ציל־באַשטימונג.

## דערקלערונג.

נאָך צווייגעלעך גייט! (ר.). בוי איך מיר אַ שיפעלע צו פאָרן איבער ימען (נאָמ.). דאָס ציגעלע איז געפאָרן האַנדלען, קויפן ראָזינקעס מיט מאַנדלען (פ. ליד). מיר שווערן צו קעמפן פאַר פרייהייט און רעכט (אַנסקי). די מאַמע איז אַוועק אין שול איר האַרץ דאָרט אויסצוגיסן (יהואש). און איך לויף אויף גאָטס באַראָט טאַנצן מיט אַ שטראַל אין בלאָטע (ביאַל.).

## אויספיר § 32.

לאָמיר זאָגן, אַז איך האָב שוין אויסדערציילט, וואוהין איך גיי, ווען איך גיי און ווי אַזוי גיי איך, בלייבט נאָך די פראגע: צו וואָס גיי איך? צוליב וואָס? צי האָט דאָס גיין מיינס עפּעס אַ ציל, אַ כּוונה, אַ מיין? אָדער אפשר האָט עס גאָר קיין זינען ניט, ס'איז סתּם אין דער וועלט אַריין אַ גיין, אָן אַ תּכלית, אָן אַ ציל. אַזוי איז אויך מיט יעדער טואונג, זי קען האָבן אַ ציל, וואָס צוליב איר ווערט זי דורכגעפירט. בכן, פעלט אונז נאָך אַ ביגלייד, וואָס זאָל אונז באַשטימען דעם ציל.

אַ ביגלייד, וואָס באַשטימט דעם ציל פון אַ טואונג און ענטפערט אויף די פראַגעס: צוליב וואָס? צו וואָס? צוליב וואָסער ציל? — הייסט ציל־באַשטימונג.

## אויפגאַבעס:

153. ציל־באַשטימונג באַגרענעצט אויך די טואונג? ווי אַזוי?

154. שטעלט צונויף פינף זאַצן, וואו אַחוץ די הויפט־ווערטער זאָלן אויך זיין ציל־באַשטימונגען.

155. קלערט צו און שרייבט אויף אַזויגע זאַצן, אַז די ווייטערדיקע ווערטער זאָלן זיין אין זיי ציל־באַשטימונגען.
לערנען, זיך וואַשן, נאָך העפטן, קלייבן, צום משפּט, צוגאַסט, כאַפּן, אויף צרות, פרעגן, נאָך אַ נדבה, נאָך ניס, צו פאַרבעסערן זיך.

*156.* שטרייכלט אונטער די ציל־באַשטימונגען.

ער גייט טאָן אַ מצווה (פרץ). איז אַוועק צום קריג דער מלך (ר.). איך גיי מיט דעם טאַטן צו סליחות אין שול (אַד.). דריי פישער פאָרן צום פישן אַרויס (פריש). ער איז אויפגעשטאַנען פאַרברענען דאָס חמץ (זש.). ער איז אויפגעשטאַנען צו דער אַרבעט (י. ר.). עס קומען מענטשן געבן אַרבעט (מענדעלע). זי האָט נאָר פון געלט אויף שכר־למוד גענומען (פרץ). דאָס טויג אויף כּפּרות /ווערטל/. ער לויפט זוכן דעם נעכטיקן טאָג /ווערטל/. דאָס גייען מיר צום קיניג אַחשורוש צו דער סעודה (ש.—ע.). איך האָב אייך אָנגעקליבן ניט מיט אייך צו שפּילן זיך (סעג.). ער האַלט אָפן דאָס מויל צו כאַפּן יעדעס וואָרט (פרץ). דער זיידע איז געגאַנגען אין חברה אַריין דאַווענען (זש.). דער עולם איז פון אַלע קלייזלעך אים געלאָפן הערן (מענדעלע). האָט ער זיך אַראָפּגעכאַפּט אויף אַ סטאַנציע כאַפּן אַ טרונק (ש.—ע.). אַ קאַץ האָט זיך געזעצט אויסמעלקן די פליגן (גר.ביימ.). יעדער נאַר האָט שכל פאַר זיך (שפּר.). זומער בייטאָג פלעגט ער פירן ווייסע חברה באָדן זיך אין טייך (מענדעלע). זיי שאַפן פּראָדוקטן און שאַפן דעם רייכטום צום מענטשלעכן נוצן /באוו./. דער גבאי שיקט דעם שמש שנעל די סבה צו דערוויסן /יהואש/. צוליב מיר אַליין האָט זיך צענומען די שמעקעדיקע רויז (ש.—ע.). זי איז געמאַכט געוואָרן פון אונזערטוועגן, פאַר עמיגראַנטן (ש.—ע.). מיר גייען ווייטער נאָך חנוכּה־געלט צו אונזער שוועסטער אײדל (ש.—ע.). זיי זיינען אַוועק ערגעץ

דאָרט אויף דער וועלט צו זוכן הצלחות (פרוג). עס פלאַקערט אויף די שלאַכט פאַר ווײַב און קינד, פאַר פאָלק און לאַנד. פאַר רעכט און פרײַ גײַט אַלץ אין קאָן. (פרץ).

157. שטעלט צונויף: א) 3 זאַצן, וואָס זאָלן האָבן צײַט־, אָרט־, שטײַגער־ און ציל־באַשטימונגען; ב) 2 זאַצן מיט אַלע זאַצגלידער, וואָס מיר ווײַסן שוין.

## ז. גרונט־באַשטימונג, אומשטאַנד־באַשטימונג, אַלע זאַצגלידער.

### דערקלערונג:

1. איטלעכער וואָרום האָט זיך זײַן דערום (שפר.). עס פליט ניט קיין שפאַן, עס זאָל ניט זײַן עפּעס דעראַן (שפר.). **צוליב איין שלעכטן** לײַדן פיל גוטע (שפר.). זי ציטערט פון שרעק (סעג.). זי פלאַטערט **פון צאָרן**, פון **בלוט** איז זי רויט (אַנסקי). **פאַר שווײַגן** קומט אַמאָל מער שכר ווי פאַר רײַדן (שפר.). און **צוליב די** קינדערס **תּפילה** זאָלן קוואַלן פליסן קילע (פיכ.).

2. זע דערקלערונג צו די §§ 29—33.

### אויספיר § 33.

די צײַט־באַשטימונג און די אָרט־באַשימונג, די שטײַגער־באַשטימונג און די ציל־באַשטימונג האָבן אונז שוין, דוכט זיך, אַלצדינג אויסדערציילט וועגן דער טואונג. אָבער דאָך בלײַבט נאָך אַ קשיא: פאַרוואָס? פאַרוואָס קומט זי בכלל פאָר, אָט די טואונג? וואָס איז איר סיבה? וואו איז דער גרונט אירער?

אַ בײַגליד, וואָס באַשטימט דעם גרונט, די סיבה פון דער טואונג און ענטפערט אויף די פראַגעס: **פאַרוואָס? פון וואָס? איבער וואָסער סיבה? איבער וואָסער גרונט** — הייסט **גרונטבאַשטימונג** (בײַשפּ. 1).

§ 34. די צײַט־באַשטימונג באַשטימט די צײַט פון דער טואונג,<br>
„ אָרט־באַשטימונג „ „ דעם אָרט „ „ „<br>
„ שטײַגער־באַשטימונג „ דעם שטײַגער „ „ „<br>
„ ציל־באַשטימונג „ דאָס ציל „ „ „<br>
„ גרונט־באַשטימונג „ דעם גרונט „ „ „

זיי אַלע ווײַזן אָן, באַצייכענען אָט די אַלע אומשטאַנדן, וואָס בײַ זיי קומט די טואונג פאָר. דערבײַ רופט מען די אַלע פינף מינים בײַגלידער מיט איין נאָמען — **אומשטאַנד־באַשטימונגען**.

וועגן אַלע זאַץ־גלידער האָבן מיר שוין געלערנט. רעכנט זיי אַלע אויס.

### אויפגאַבעס:

158. די גרונט־באַשטימונג באַגרענעצט אויך די טואונג? דערקלערט כדאיבעי דעם חילוק צווישן ציל־באַשטימונג און גרונט־באַשטימונג.

159. שטעלט צונויף פינף זאַצן, וואו ס'זאָלן זײַן גרונט־באַשטימונגען.

160. קלערט צו אַזוינע זאַצן, וואָס זאָלן האָבן די ווייטערדיקע ווערטער פאַר גרונט־באַשטימונגען.

פון גרימצאָרן, פון פוילקײַט, מחמת נאַרישקײַטן, פאַר גוטסקייט, פון וואויל־טאָג, פאַר זכות אבות, פון שמחה, אי־ערן חבר, מחמת שעמעוודיקייט, פאַר מזומנים, פון ווינט, מחמת האַרצווייטאָג.

161. שטרייכלט אונטער די גרונט־באַשטימונגען. ווײַזט אָן, אויף וואָסערע פראַגעס זיי ענטפערן.

פון באָרשטש מיט ברויט ווערן די באַקן רויט (שפר.). פון געלט־וועגן גייט קיין שידוך ניט אָפּ (שפר.). פאַר מורא איז מיר דאָס העמד ווייס געוואָרן (ווערטל). פון דער מוטערס קלאַפּ ווערט דעם קינד ניט קיין לאָך אין קאָפּ (שפר.). פון פיל

רײדן קומט אַמאָל אַרויס לײדן (שפּר.). שטאַרבן מענטשן שוין פון הונ־גער (דודל). איך פאַל שיר ניט אום פאַר שרעק (ש.—ע.). איך האָב שוין לאַנג ניט אַזאַ הנאה געהאַט פון עסן (ש.—ע.). נאָר איבער אים שטראָפט, גאָט דעם וואַלד (ריװ.). פון שטורים געקרעכצט יעדער בוים האָט אין װאַלד (מ. ל.). פון לעצטן טיפוס איז אַ קראַנק אין קאָפּ געבליבן (אַש). פון אײלעניש קומט קײן גוטס ניט אַרויס (שפּר.). פאַר נויט עסטו חלה (װערטל). פאַר אַ טובה קומט אָפּטמאָל אַ רעה (שפּר.). פאַר געלט קריגט מען אַלץ, נאָר טאַטע־מאַמע ניט (שפּר.). דעם לאַמפּס געזיכט האָט זיך פון נחת אַזש געשמאָלצן (יהואש). אַ בעל־מלאכה שטאַרבט ניט פון הונגער (שפּר.). ער האָט מיר שיר ניט אָפּגעריסן אַן אויער פאַר די פּיש (ש.—ע.). ברעטלעך קויף איך מיר פאַר געלט (נאָמ.). װעגן שנאת־חנם איז דאָס בית־המקדש חרוב געוואָרן (שפּר.). אויף יענער װעלט איז דאָ אַ גן־עדן פון ײדנס װעגן געװײנטלעך (ש.—ע.). פון אַזאַ מין דרײען זיך אין שטענדיקן שטויב איז ער אַרויס אַ קאַליקע (ש.—ע.). פון ברויט מיט קרויט װערן די באַקן רויט (שפּר.). פון װינטשן װערט מען ניט רײך (שפּר.). די טאָכטער באַװאַשט זיך פאַר גרויס װײטאָג מיט טרערן (מענדעלע). אין מײן זכות בלויז האָט איר דאָס שמע־קעדיקע בײמל און אײַער שײנעם פלאַם צו דאַנקען (יהואש). און פון הימלס ליבע טרערן זאָלן גרין די פעלדער װערן (פּ״ב.). אין זכות פון קלײנע קינדער איז זי אַלץ די גרויסע מוחל (טײטש).

162. טרעפט די װײטערדיקע רעטענישן:

א). פאַרוואָס קרײט אַ האָן מיט צוגעמאַכטע אויגן?
ב). פאַרוואָס דאַרף אַ מענטש ניט מורא האָבן פאַרן טויט?
ג). פאַר וואָס בעמט אַראָפּ דער קײסער דאָס הימל?

163. שטעלט צונויף דרײַ זאַצן, וואו ס׳זאָלן זײן אַלע אומשטאַנד־באַשטי־מונגען, און צווײ — מיט אַלע זאַצגלידער.

164. פון די װײטערדיקע װערטער שטעלט צונויף דרײַ זאַצן:

צונויפרופן, מזומת דער מגפה, אַלע, װאַיז, קײסער, זיך האַלטן אַן עצה, תיכף, חיות, צו זיך, לײב, פאַר דער אַרבעט, אויף דער עלטער, צו קנאַקן, ניס, פון לײב, מאַכלדיקע, באַקומען, אַ זעקל, װעװערקע, בײ אַ פּריץ, קריכן, זוכן, חזיר, פון הונגער, מיסט, נאָך מיטאָג, אַ רײכן, אין הויף.

165. אַנשטאָט דעם װאָרט „אומשטאַנד־באַשטימונג" װאָסער נעמען קען מען צוקלערן פאַר אָט די אַלע באַשטימונגען פון אַ טואונג?

166. װײזט אָן די אומשטאַנד־װערטער און באַצײכנט דעם מין, צו װעלכן זײ געהערן.

עס טרילערט דער קאַנאַריק אין פרײען װאַלד אַלײן (מ. ר.). דעם טאָג דעם דעם גאַנצן באָדט זי זיך אין בלומען װי אַ בלום (נײד.). די לבנה שװימט רואיק פון די װאָלקנס אַרויס (אַש). שטיל און רואיק גײט די צײט אין שטעטל (פרוג). אין דעם קומען דער װינט אַזוי װאָיענדיק בלאָזט (מ. ל.). צװישן טאָג און נאַכט בלײבט מײן שיפל שטײן (נאָמב.). טרעט זי צום בעט מיט אַ שרעקן (מ. ר.). אַמאָל זײנען מלאכים געגאַנגען באָרוועס, הײנט גײען זײ אין שיך (שפּר.). מיר האָבן באַשלאָסן חול־המועד פאָרן געװאָר װערן די מאַמע (פּײג.). אין דער שטי־לער נאַכט גײ איך אײנער אַלײן אויפן אַלטן מאַרק אַרום (פרץ). גײט יהודית שטיל און זאַכט, בערג־אויף בערג־אָפּ (מ. ר.). אַ גאַנצן טאָג געפינען איך מיך בײם טײך (ש־ע.). ניט מיר אַלײן פאָרן קײן אַמעריקע (ש־ע.). איצט זעט ער שוין אויס אַביסל מעשה ייד (שנ.). װאָראָנעס דרײען זיך אַרום ערטערװײז אין דער לופט (מענדעלע). ערלעכע ײדן זיצן דאָרטן טאָג און נאַכט און האָבן הנאה פון דער שכינה (ש־ע.). צװישן מנחה און מעריב איז װײסע חברה זיך צונויפגעקומען אויפן יאַריד אין בית־המדרש (מענדעלע). װאָס װעט הײנט דער טאַטע ברענגען

אַ מתּנה פונם מאַרק? (ש.־ע.) דאַן קומען מיר אויף מאָרגן ווידער און הייבן אָן די אַרבעט פונדאָסניי (יהואש). איינמאָל דאָנערשטאָג שטייט ער אַזוי אין מאַרק מיט די פּאָלעס פֿאַרשאַרצט אונטערן שטריק אויף די לענדן (פרץ). האָבן זיך חברה פּאַוואָליע אַריינגעגנבעט צו כּתריאל וואַסערפירער אין הויז אַריין (ש.־ע.). די פּאַסאַזשירן זייגען אַרויס פון זייערע געצעלטן מקבל־פּנים צו זיין דעם אַמעריקאַנער באָזין (אַש). אַ גאַנצן טאָג זייגען די באָמבעס געפאַלן ווי דונערס פון הימל (אַש). דער פּאָטער קומט פֿרייטאָג פֿאַרנאַכט פון פינסטערן שאַפּ אַזוי מיד (ר.). אויפן בלויעם ים געשווינד טראָגט דיך אום דער פרייער ווינט (פּיכ.). אַפילו די שטערן מיט דער לבנה זייגען געגאַנגען טרינקען ווין (וואַרש.).

167. דאָס זעלביקע וואָס פריער.

לאַנג אָפּגעבלאַנקט האָבן אין פעלדער דער סערפּ און די קאָסע.
די תּבואות — זיי זייגען אויף העלפט שוין אין שייער.
אויף לייזיקע בייטן וועט פאַלן די זילבערנע ראָסע.
און שניטערקעס וועלן גיך זינגען מער היי־יאַר.
און נאָך אַ טאָג, נאָך אַ טאָג... וועגענער לאַנגע באַרויבן
די מאַמע די ערד פון דער פרי, פון באַגינען.
און אַז די לבנה ביינאַכט וועט אַ קוק טאָן פון אויבן,
וועט זי אַ פאַריתומטע פעלד שוין געפינען (טייטש).

168. קלייבט זיך דאָ פונאַנדער אין אַלע זאַצגלידער.

אויף אַ בוים אין גרינעם וואַלד
אַ וואונדערלעכער פויגל שאַלט (פרץ).

די באָבעניו זיצט מיט דער זאָק אין דער האַנט (פרוג). וועלדער טונקעלע בליען דאָרט, שטראַלן העלע ציען דאָרט, דאָרטן וואוינט אַ מלכּס קינד (פּיכ.). בלימעלעך, קרענצעלעך מאָלט אויף די שויבן דער פראָסט (מ. ל.). דאָרטן האָבן די פייגל אַ פרייע מדינה (טייטש). און אין גרינעם וועלדעלע שפּילט דער שיינער מאַי (הורוו.). עס האָט ווער געגנבעט די אוצרות פון שנייען ביינאַכט (טייטש). דאָך אין דרויסן פליען העכער צו דעם הימל ווייסע טויבן (ביאַל.). דאָס פייער יאָגט די מענטשן פון די הייזער (אַש). פאַראומערטע קוקן די מאָגערע תּבואות. עס שמייכלט, צו ביטער דער שיטערער פלאַקס (טייטש). פון פעלד איז אַ ישובניק מיט זיין יונג געגאַנגען בין־השמשות דורך אַ וואַלד (ריוו.). ס'איז דער ייִד אין וועג געפאָרן. האָט דער ייִד דעם וועג פאַרלאָרן (דודל). ער האָט אויף די לאָנקעס זיין מאַנטל פאַרלאָרן (סעג.). די באַרן גופא זאָלט איר דאָרט אַריינלייגן ערשט שפּעטער (ביאַל.). איך קום צו אייך פון ברייטע פעלדער מיט די פריינדלעכסטע גערויטן. די פאַרליבטע זון פון פרילינג האָט געשיקט אייך הייסע קושן (טייטש). אין די ביינער צעגיסט זיך אַ וואַרימע רו (מ. ל.). אונזער שיפעלע וועט שפּילן אויף די כוואַליעס ווי אַ ווינטער (פרוג). פון אייביקע טראָפּנס ווערט אַ גאַנצער רעגן (שפּר.). אַלע וועגן, אַלע טייכן האָבן די געמיטן פון די דערפער. פון די שטעט מענטשן צו הרגענען איינער אַליין געטראָגעט צו ווערן (אַש).

רואיק, רואיק שאָקלט איר געלאָקטעס גרינעס קעפּל
מיין ווייסינקע בעריאָזקעלע און דאַוונט אָן אַ שיעור.

פון די ברייטע פעלדער איז אַ ווינטעלע געקומען
און דערציילט די בלעטעלעך לעגענדעס אָן אַ צאָל (איינהאָרן).

169. דאָס זעלביקע וואָס פריער.

מאכלים זייגען פאַרטיקע

אין גאָרטן שוין צעשטעלט.
אַ משקה אַ גרויסאַרטיקע
איז אויך דאָ ניט פאַרפעלט.
ביי בינען ביי די זשומיקע
אַ זיסער האָניק שטייט.
און אין די כוסות בלומיקע
אַ דופטן־וויין איז גרייט. (ניידוס).

* * *

ליכטיק שיינט דער אָוונט־שטערן,
שאָטנס ליגן אויף די פעלדער.
פייכטע קילקייט ווייט און גיסט זיך
פון די גערטנער, פון די וועלדער.
און די גרויסע אַלטע ביימער
שאָקלען מיט די גרינגע בלעטער.
און מיר דאַכט זיך, אַז זיי רוישן:
— זע, ווי פריש איז דאָ דאָס וועטער!".
טראָפנס טוי ווי פערל גלאַנצן
אין די לעצטע אָוונט־שטראַלן.
אין די פייכטע גרינע טאָלן
שלאָגן פרישע קאַלטע קוואַלן. (פרוג).

## דער פרילינג.

איינגעהילט אין תכלת־מאַנטל,
מיט אַ גאָלדענער עטרה,
שטייט דער פרילינג אין די פעלדער
און איז מקריב טויזן קרבנות.
און ער איז צו גאָט מתפלל
אין די הויכע ביימער־שפּיצן
אויף דעם לשון פון די רינערס
און די יונגע שלאַנקע בליצן.
און ער ווערט דערפילט מיט ליבע,
דער געטרייער, גוטער פרילינג.
און ער האַלזט מיט גרינע אָרעמס
ערד און הימל ווי איין צווילינג.
און ער בענטשט זיי און ער שענקט זיי
זיין אומצייליקן פאַרמעגנס,
האָניק־טוי און גאָלדענע שטראַלן
מיט מאַיאָווע שטילע רעגנס.

(משה טייטש).

# II. דאָס פאָרוואָרט.

ס'שטייט דאָך אויף דער הויבע

אײַנגעמאַכטס אַ סלוי!
כאַפּט אַ באַנק צום הרובע,
בענקל אויף דער באַנק,
בענקעלע אויף בענקל —
לעמעלע דערלאַנגט.
האָפּ און ניט געציטערט,
גרינגער פון אַ שטרוי,
זיצט ער הויך אויף הרובע
גלײַך שוין מיטן סלוי! (קווי).

און נישט זי גייט אין שנײַ, זי שוועבט איבערן שניי (פּרץ). בײַ בינען בײַ די זשומיקע אַ זיסער האָניק שטייט (נייד.). גאַט, גאָט, גיב אַ רעגן פון די קליינע קינדערס וועגן (פּיכ.).

מאַך מיר אַ קלאַדקע איבערן גריבעלע,
איך זאָל קענען אַרײַן אין מײַן שטיבעלע.

## אויספיר § 35.

דאָס בענקל האָט געקענט זײַן ווייט פון דער הרובע, דאָס בענקל קען שטיין האַרט בײַ דער הרובע, ס'קען אויך אַפילו זײַן אויף דער הרובע (זאָל נאָר לעמעלע וועלן!). בכלל, קענען צוויי זאַכן זײַן אין אַ פאַרשיידענער פאַרהעלטעניש צו אַנאַנד: איין זאַך קען זײַן אויף דעם צווייטן, אונטער דעם צווייטן, אין דעם צווייטן א. אַז. וו. דאָס אייגענע איז אויך מיט אַ טואונג און אַ זאַך. די ווערטלעך: צו, פון, און, אונטער, בײַ א. אַז. וו. ווײַזן טאַקע אָן אויף דער פאַרהעלטעניש צווישן צוויי זאַכן אָדער צווישן אַ טואונג און אַ זאַך, לאָזט מען דורך אָט די ווערטלעך, ווערט אונדז אומפאַרשטענדלעך די באַציאונג צווישן זאַכן און דער גאַנצער ענין — אומקלאָר, דער זאַץ ווערט אויס זאַץ.

די ווערטלעך, וואָס מיר באַנוצן זיי אין אונזער רייד אָנצוווייזן אויף דער פאַרהעלטעניש צווישן זאַכן אָדער צווישן טואונג און זאַך — הייסן פאָרווערטער.

די פאָרווערטער זײַנען נישט קיין באַזונדערע זאַצגלידער, נאָר צוזאַמען מיט אַ הויפּטוואָרט בילדן זיי אַ זאַצגליד.

## אויפגאַבעס.

170. פאַרוואָס הייסן פאָרווערטער — פאָרווערטער?

171. לייענט דורך די בײַשפּילן, וואָס שטייען פאַר דעם פּאַראַגראַף, און לאָזט דערבײַ דורך די פאָרווערטער.

172. שטרײַכלט אונטער די פאָרווערטער.

אונטערן בריק,
אויפן בריק
זיצט ציפּעלע די גרינע (פּ. ליד).

דרימלט מיטן קעפּל אָנגעשפּאַרט אָן סלוי (קוו.). מיט די פייכטע־העטלעך אין די נאַסע האָר (קוו.). קומט אַרײַן אין צימער מענדעלע באַרים און אַ חברה יונגוואַרג גלײַך אַרײַן נאָך אים (קווי). אַז מען קען ניט אַריבער, מוז מען אַרונטער (שפּר). עס פּוסטעוועט דער שוואַלבן־נעסט בײַ מיר איבערן פענסטער (סעג.). זיצט דער שוחט אויבנאָן אין שענקל אויפן בענקל (מרד.). שטייט זיך אַ הײַזל אין טאָל צווישן צוויי הויכע בערג (אַש). אַ פּאָן מיט אַ שטעקל, פון אויבן אַן עפּל, אינם עפּל אַ ליכטל (ש.-ע.). זי איז געווען בײַ אַ שכנטע אָדער אין גאַס ערגעץ (ווײַס). דאָס האַרץ איז אים אויסגעגאַנגען פאַר בענקעניש נאָך אים (אַש). דער טאַטע גייט אום איבערן שטוב די הענט אַרונטער. ער נעמט אַרויס פון טישקעסטל אַ וועקסן ליכטל און מאַכט צו אונדז אויף לשון־קודש (ש.-ע.). ער

האָט איבער זיין וועג קיין אַמעריקע אַזויפיל זאַכן געזעען (אַש). די בלימעלעך רוקן אַרויס פון גראָז זייערע קעפּעלעך (פּרץ). די גוליע האָט שטאַרק דעם אויוון געהייצט פון דער יידענעס וועגן (אַש). עס הויבט זיך אויף אַ שטויב פון די סטאַ־דעס בהמות, וואָס מען טרייבט נאָך זיי. עס שלעפן זיך וועגן פאַר קראַנקע פון רויטן קרייץ (אַש). מיט דער נאַכט האָבן זיך געמערט די טישלעך אינמיטן דער גאַס און האָבן פאַרשטעלט דעם גאַנצן דורכגאַנג פון דער גאַס (אַש). און דער פּאַס האָט זיך געצויגן איבער דער פּאָדלאָגע און דערגרייכט ביז צום אויוון (ווייס).

173. ווייסט איר, ווי מען שרייבט די פּאָרווערטער ביי, אויף?

—פן פעלד און —פן וואַלד בעט ער אויס זיין בעטל (אייב). דו קאָנסט זיי באַקומען ב— מיר באַלד מזומן (מרד). קיין בעסערער אָרט —ף צו באַהאַלטן זיך ווי ב— דער מאַמען איז ניטאָ אין דער גאַנצער וועלט (ש—ע). ב— אים איז געווען אַ בן־יחיד (אנסקי). די באָבע האָט זיך אַזש אָנגעכאַפּט ב—ם קאָפּ (זש). די זון האָט געוואָרפן אירע מילדע שטראַלן —ף גראָז, —ף ביימער, —ף בערג־לעך און טאָלן (מענדעלע). מ'האַלט זיך ב— די מיילער (קוו). —פן ברוסט אַ ווייַ־סער פאַנצער, —פן קאָפּ אַ קרוין (סעג.). ביידע זיינען זיי שטענדיק אין דער אַרבעט: די מאַמע ב—ם אויוון, דער טאַטע ב— די שאַכטלען (ש—ע). —ף די רוקנס פון בערג קריכן נידעריקע שניי־ביימעלעך (אַש). אויך ב— מיר אין פענ־סטער איז שוין די זון געשטאַנען (ווייס). וואו באַהאַלט מען דאָס? — אַהאַ, —פן בוידים! (ש—ע). מיר ביידע האָבן צו שאַפן זאַ —ף אַלצדינג. ער, דער קאַפּי־טאַן הייסט עס, דאַרטן אויבן ב— די קוימענס, און איך, מאַטל פּייסע דעם חזנס יינגל, דאָ —פן צווישנדעק (ש.—ע). —פן הימל ווייַזן זיך שטיקלעך וואָלקנס, —ף וועלכע מען האָט ווי —ף טייערע געסט שוין אַ לאַנגע צייט אויסגעקוקט (מענדעלע). דאָס שענסטע לידגעזאַנג, די שענסטע מעלאָדיען, ניט זינג ב—ם בליען, נאָר זינג ב—ם אונטערגאַנג.

שוין דער פאַסטעך
ב— די פי,
זון ב— בערגלעך
—ף די קני (קוו).

174. שטעלט צונויף זאַצן, וואָס אַחוץ די הויפּטגלידער זאָלן זיי האָבן עפּעס אַ ביי־גליד מיט אַ פּאָרוואָרט פאַר אים.

175. ווייסט איר די מעשה מיט קאָפּעלען און די גענז, וואָס איז געדרוקט צוזאַמען מיט אַזוינע טשיקאַווע בילדלעך אין די „גרינינקע ביימעלעך" (1920 יאָר № 6)?

176. טרעפט פאָלגנדיקע רעטענישן:

אַ] מיט משא גייט ער, אָן משא שטייט ער. (פּרט).
ב] ווי קומט אַ קאַץ איבערן וואַסער? (פּרט).
ג] ס'איז געפלויגן אַ סטאַדע געגנז:
איינע פאָרויס און צוויי פון הינטן,
איינע פון הינטן און צוויי פאָרויס,
איינע צווישן צוויי און דריי אין דער ריי.
וויפיל געגנז זיינען געפלויגן? (גר. ביימ).
ד] וואָס איז עס פאַר אַ זאַך, וואָס אַז מען שטעלט זיך אויף דעם ווערט מען קלענער? (גר. ביימ).

# III. דאָס הויפּטוואָרט.

## א. כּלל־נעמען און אייגנבעמען.

**דערקלערונג:**

אַבּקע איז שוין דאָ
און בערקע איז ניטאָ!
אַבּקע, בערקע, וואו זייט איר געוועזן?
בערקע איז שוין דאָ
און גרשן איז ניטאָ... (פ. ליד).

צווישן אַלע שוסטער איז דער בעסטער שניידער **יאָסל** **דער סטאָליער** (שפר.). לאָז זי הייסן **שיינדעלע**. לאָז זי הייסן **קריינדעלע** — **אַבי אַ** **כּלה** (שפר.). ווען ער הייסט **מענדל**, קען מען עסן פון זיין **פענדל און טרינקען** **פון זיין קענדל** (שפר.). סע זיצט אַ מיידל, וואָס מע רופט זי פריילין **זייטשיק** (ש.־ע.). איר האָט געהערט אַמאָל אַ שטאָט זאָל הייסן **אַנטווערפּן**? **פאַראַן** **אַזאַ שטאָט אויף דער וועלט** (ש.־ע.). זיבן יאָר האָט **שלמה המלך** **געבויט** **דעם בית־המקדש אויפן שענסטן באַרג פון ירושלים, אויפן באַרג מוריה (מרדי).** **געבענטשט זייט איר, רואיקע פּאַליעס פון ווייסל (סעג.). און געטראָפן האָט זיך** **עס אין מערן דער מדינה (פרץ).**

**אויספיר** § 36.

ווען דער לערער זאָגט: „זאָל דער שילער גיין צום טאָוול״, און רופט ניט אָן ניט דעם **נאָמען פון** דעם שילער און נישט ער ווייזט מיט די אויגן אָדער מיט אַ פינגער, וועמען ער מיינט עס, **וועלן זיך די שילער** פאַרוואונדערט אָנקוקן און ניט וויסן, וועמען דער לערער האָט געמיינט. גאָר אַנדערש איז, **אַז ער רופט אָן** **דעם נאָמען** פון דעם שילער. וויל איך דערציילן וועגן אַ לאַנד, זיינע אוצרות, זיינע שיינקייטן, זיינע **מענטשן** מוז איך דאָך אויך אָנרופן דעם נאָמען פון לאַנד, כּדי איר זאָלט וויסן, וועגן וואָסער לאַנד רייד איך עס, ווייל לענדער זיינען דאָך פאַראַן אַפּולע.

דעריבער טיילן זיך די הויפּטווערטער אויף **כּלל־נעמען** און **אייגנבעמען**. **כּלל־נעמען** זיינען די נעמען, וואָס עס טראָגט איין זאַך צווישן **אַלע** גלייכע זאַכן, איין איינציקע **זאַך פון אַ גאַנצן** מין, פון אַ גאַנצן כּלל. אייגנבעמען זיינען די נעמען, וואָס עס האָט איין זאַך, כּדי צו **אונטערשיידן זי פון** אַלע איבעריקע גלייכע זאַכן פון זעלביקן מין.

**אויפגאַבעס:**

177. איך זע אויפן גאַס מיין חבר, וואָס איך זוך אים וועגן **אַ וויכטיקן ענין.** ער גייט פון פּאַרנט. וועלכע מיטלען פאַרמאָג איך, כּדי ער זאָל זיך **אָפּשטעלן,** זיך אומקערן און מיך דערזען? וואָסער מיטל איז דער בעסטער?

178. שרייבט אויף די פינף פּאַסיקע הויפּטווערטער פון **פאָלגנדיקע קאַטע־** **גאָריעס:** 1) פאַמיליענעמען, 2) נעמען פון שטעט, 3) נעמען פון טייכן, 4) **נעמען** **פון בערג,** 5) נעמען פון יידישע שרייבער, 6) העלדן פון דער יידישער געשיכטע.

179. שטרייכלט אונטער די אייגנבעמען.

אַרום און אַרום טיש פון ביידע זייטן זיצן די פעטערס מיט די מומעס, **אַלע** **מיט זייערע** קינדער, יינגלעך מיט מיידלעך, וואָס הייסן **אַלע נאָך אַלצאַיינע זיי־**

דעס און באָבעס, פעטערס און מומעס. פריער דער פעטער צדוק און די מומע צביה מיט דריי ייִנגלעך: משהלע, הערשעלע, וועלוועלע, און צוויי מיידלעך: שרהלע, פייגעלע. נאָכדעם דער פעטער נפתלי און די מומע דבורל מיט פיר ייִנגלעך: משהלע, הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלע, און דריי מיידלעך: שרהלע, פייגעלע, רחלע. נאָכדעם... נאָכדעם דער פעטער בנימין און די מומע לאה מיט זיבן ייִנגלעך: משהלע, הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלע, יענקעלע, פישעלע, שמואליק, און זעקס מיידלעך: שרהלע, פייגעלע, רחלע, טייבעלע, חנצע און גנענדל... (ש.—ע.).

ר' נאָטע האָט תמיד חרטה (שפר.). פונטע איז רייך געווען און איז געשטאָרבן אַן אביון (שפר.). רופט צו דער מלך די אלמנה שנמית (פרץ). פילאַדעלפיע קעגן ניו־יאָרק איז אַזוי ווי אייִשעשאָק קעגן ווילנע (ש.—ע.). אַזוי זאָגט מיין ברודער אליהו צו זײַנער חבר פיניע (ש.—ע.). האָט אָט דער כמעלניצקי, דער רשע, דער המן, אָנגעראַבעוועט מילי־מיליאָנען געלד ביי די אַמאָליקע פריצים און רייכע יידן און געבראַכט צופירן אַהער צו אונז קיין וואַראַנקא (ש.—ע.). יאַנקעלע וויל אין וואַלד אַריין, שיסן וויל ער נאָר אַ בער (פרץ). לעבן בית־המדרש האָט געוואוינט אַבֿרהמל דער בעקער; ער האָט אַן עקסטרע גרויסע שטוב געהאַט, וואו ער פלעגט אַלע יאָר מצה באַקן. הערשעלען איז איינגעפאַלן פאַרצולייגן אַבֿרהמלען, ער זאָל מאַכן אַ קליין געצעלט לאָזן די שפּיל מאַכן אין דער שטוב (דינ.). עס איז געווען אַ וואַרימער זומערטאָג. ביי אונז וואָלט עס געהייסן אַ הייסער תמוז־טאָג, אין ניו־יאָרק איז עס אָבער געווען איינער פון די אַפּריל־טעג (אַש). ר' ניסן שטייט און וויגט אַ קינד (יהואש). מחמת איך זאָג קדיש אינדערפרי און אויפדערנאַכט, גיי איך שוין ניט צו הירש־בער דעם חזן און טראָג מיך ניט אום מיט זיין דאַבעציען (ש.— ע.). דאָרט פליסט שטיל די ווילייע, די ליטווישע מאַמע צום ניעמאַן זיך ציט (טייטש). אין דער מדינה האָלאַנד האָט געוואוינט אַ יידישער פישער מיטן נאָמען סאַטיע (פרץ). לייזער האָט זיך געהאַלטן פאַרן בעסטן שניידער אין בעזליודאָוו (מענדעלע). געבראַכט האָט מען זיי פון דעם ווייטן זונעדיקן לאַנד, וואָס ליגט אין טאָל פון טייך טערעק הינטער די קאַווקאַזער בערג (אַש). ראָכיוו איז אַ שטעטל ניט ווייט פון אָפּט; צעשפרייט איז עס ביים ברעג פון דער ווייסל (פרץ). און די זון שיינט אַריין דורך די גרויסע אָפענע פענסטער, דיזעלביקע זון, וואָס האָט אַריינגעשיינט ביי דעם רבי יצחק יודלס דאָרטן אין לעשנאָ, נאָר דאָרטן איז געווען אַ שטיקל זון און דאָ איז אַ גאַנצע זון... אָבער דאָרטן זיינען געווען יידישע חברים: משהלע דעם רבס איז געזעסן לעבן אים און אַנטקעגן האָט ער געהאַט יעקבן דעם חזנס, און די גמרות זיינען אָפן געלעגן (אַש).

180. צו וואָס דאַרף מען האָבן אי אַ נאָמען אי אַ פאַמיליענאָמען? ווי האָט מען צוגעקלערט פאַמיליענעמען און ווען?

181. שרייבט אויס די כלל־נעמען, וואָס געפינען זיך אין צווישן די פאָלגנדיקע הויפטווערטער.

בלומע, בלום, העכט, מאַטעלע, קאַפּוליע, נאָז־האָרן, גאַגאַרע, כינע, ענגלענדער, קאַרפּ, עמנואל, משניות, רבי לייבקע, שבועות, מאַי, זרובבל, בערדיטשעוו, יאַט, שמש, לבנה, איירעפּעער, אלול, הויז־חושך, סמבטיון, שרעטעלע, לויתן, קוקאַווקע, מאַרגאַריטקעלעך, פּלאַטערל, קייסער, סיים, ליטוואַק, פּרעזידענט, רובלמעטער, נביא, פוילן, פּאָליאַק, פּריץ, אַלמנה, ערד.

## ב. באַשטימטער און אומבאַשטימטער אַרטיקל.

### ד ע ר ק ל ע ר ו נ ג.

1. אַז די באַלעבאָסטע איז אַ קאַץ,

איז די קאַץ אַ באַלעבאָסטע (שפּר׳).

דאָס העמד איז מיר גענטער ווי דאָס קלייד (שפּר׳). די זון שיינט גלייך אויף אָרים און רייך (שפּר׳). דער כעס איז אַ נאַר (שפּר׳). די אויגן זייגען גרעסער ווי דאָס מויל (שפּר׳). אַברהמעלע הייס, אַז אַ בוים וואַקסט (ש׳—ע׳). איך האָב ליב אַ שיף... גייט די שיף אַליין (ר׳) דאָס היטל אָן אַ דאַשעק, דאָס מיילכל אָן אַ שלאָס, ער קוואַקעט ווי אַ פרעשל, ער פלאַפּלט אָן אַ מאָס (קוו׳).

דער טיש; די באַנק; דאָס קינד, די טישן; די בענק; די קינדער.
אַ טיש; אַ באַנק; אַ קינד; טישן; בענק; קינדער.

2. אַ געמער איז ניט קיין געבער (שפּר׳). פון אַן עמער מאַכט מען ניט קיין צעבער (שפּר׳). די צוויי ברידערלעך האָבן געהאַט סטאַנציע ביי אַן אָרימער קרובה, אַן אַלמנה, אַ טענדלערין (ר׳). מיר האָט דאָס אַוועקגעשענקט אַן עמיגראַנטס אַ יינגל (ש׳—ע.).

## אויספיר § 37. (זע § 11).

פאַר הויפּטווערטער שטייען כמעט שטענדיק די ווערטלעך דער, די, דאָס, אַ; זיי רופט מען — אַרטיקל.

דער, די, דאָס ווייזן אָן דעם מין פון הויפּטוואָרט. דער אַרטיקל „אַ“ שטייט פאַר הויפּטווערטער פון אַלע מינים. די מערצאָל פון די אַרטיקלען דער, די, דאָס איז — די. דער אַרטיקל אַ האָט ניט קיין מערצאָל.

אַ חוץ די אַלע אויספירן, קענען מיר נאָך באַמערקן, אַז דער באַטייט בייט זיך אַ ביסל איבער דעם אַרטיקל. שטעל איך פאַר אַ הויפּטוואָרט די אַרטיקלען דער, די, דאָס ווייז איך אָן דערמיט, אַז די זאַך, מכּוח וועלכער איך רייד, איז אַ באַקאַנטע זאַך, אַ באַשטימטע, אָט־אָ די. דעריבער הייסן די אַרטיקלען דער, די, דאָס אין זייער מערצאָלפאָרם די — באַשטימטע אַרטיקלען. דער אַרטיקל אַ באַצייכנט, אַז די זאַך איז פאַר מיר אומבאַשטימט, ניט גענוי באַקאַנט, אַז איך רייד ניט דווקא וועגן אָט־אָ דער זאַך, הייסט ער טאַקע אומבאַשטימטער אַרטיקל.

דער אומבאַשטימטער אַרטיקל ווערט געשריבן אָפּגעטיילט פון דעם וואָרט, צו וועלכן ער באַציט זיך. הויבט זיך אָן דאָס וואָרט נאָך דעם אַרטיקל מיט אַן אַליינהילכער — איז דער אַרטיקל אַן.

## אויפגאבעס.

182. פון די פאָלגנדיקע ווערטער שטעלט צונויף צו צוויי זאצן אויף אַזאַ מין אופן: איך האָב אַ הונט. דער הונט איז געטריי.

1) איך, הונט, האָבן, זיין געטריי; 2) מאַמע, קויפן, טיש, זיין, רונד; 3) שרייבער, אויפשרייבן, געדיכט, זיין, זייער גוט; 4) איר, אויסקלייבן, פּאָרזיצער, זיין געניט; 5) יינגל, צופיל לאַכן, יינגל, נאַר; 6) בוים, האָבן, צווייגל, האָבן, נעסט; 7) מענדל, האָבן, שטיפמוטער, זיין שטאָכמוטער.

183. צי האָט איר באַמערקט, וואָסער אַרטיקל ס'האָט געוויינטלעך דאָס זאָגוואָרט? פאַרוואָס ווערן אייגננעמען באַנוצט כמעט אַלעמאָל אָן אַן אַרטיקל?

184. אַנשטאָט דעם פרעגצייכן שטעלט אַוועק, וואו מען באַדאַרף, אַ „נון“ אַן „אַלף“ אָדער אפשר דאַרף מען דאָ גאָרנישט?

לאָז אַראָפּפאַלן אַ?ין עפּעלע אַ? ווערימדיקס, אַ? איינגעדאַרטס, אַ? איינגע־קניימשטס, וועט זי זיך ניט פוילן, אַנבייגן, אויפהייבן, אַריינלייגן אין פאַרטעך און אַוועקטראָגן (ש׳—ע.). אַ? באַרימער איז גוט צו שלאָגן (שפּר׳). ס'פאַלט אויף דעם מלאָך אַ? אומעט (יהואש). מיט אַ? יאָר איז אַ? ייביקער צער (שפּר׳). אויף אַ? ייגן קינד זיינען די עלטערן בלינד (שפּר׳). איך בין דאָ אַ? ?עלנטער (אייב.). אַ? ?אַלמנה איז די שייבע (מ׳ ר׳). אַ? ?אורימאַן וויל אויך עסן (שפּר.). אַ? גע־מאַכטע מכשפה איז ערגער פון אַ? ?אמונער (שפּר׳). אַ? קרופּניק איז אַ? ?כּילה, איז כאַנדרעווקע אַ? קדוילה (שפּר׳). אַ? עושר האָט קיין יושר (שפּר׳). רייסן איז אויך אַ? ?אַרבעט (פּרץ). אַצונד ווערט דאָס האָבן אַ? ?עק (ש.—ע.). אַ? ?אוועגע אַ? יידן קוגל צו עסן (ווערטל). אַ? הונט בלייבט אַ? הונט (שפּר.). אַ? ?אנדער

געדאַנק עקבערט איר מוח (פרץ). אז א? קרונגער לויפט און א? ?אר קויפט, קומען ביידע גלייך אן (שפר.) א? ?אמת קען מען זאָגן אויף א? ?ייגענעם טאַטען (שפר.) דאָ איז פאַר מיר א? ?אַסטראָג (ר.). א? ?ייגגייער איז א? אויסברענגער (שפר.) פאַר א? עקשן איז קיין רפואה ניטא (שפר.). פונקט פאַר שמואלס טיר צעבּרעכט זיך אַ? ?אקס (פרץ). בעסער א? ?אַלטער טאָפּ איידער א? ?ייער שאַרבן (שפר). א? ייד גיט זיך אלעמאָל א? עצה (שפר.). אז א? ?ארימאַן עסט א? הון, איז ער קראַנק אָדער די הון (שפר.). בעסער א? האָן אין האַנט איידער א? ?אדלער אין הימל (שפר.). בייגט דער בוים צו א? צווייַג צום מייל, מיט א? עפּל, מיט א? באַרנע, מיט אַ? ?אַפּעלסין, מיט וואָס איר ווילט (פרץ). שמחות אויף א? ?ייל און צרות* אויף א? מייל (שפר.). מיט וואָס פאַר א? ?ויג מען קוקט איינעם אן, אזאַ פנים האָט ער (שפר.). אמאָל איז געווען א? ?אלטע באָבע, האָט זי געהאַט א? הינדעלע א? ראַבע. די הינדעלע די ראַבע האָט אויסגעלייגט א? ?ייעלע (פ. ליד).

שפּילט זיך אויף א? לאָנקע  
א? מיידעלע א? קליינס,  
קומט צו איר צו פליען  
א? פייגעלע א? שיינס (ראוו.).

185. שרייַבט אויף די תשובות פון די פאָלגנדיקע רעטענישן!

א) אויערן האָט דאָס — און הערט ניט. א מויל האָט דאָס — און עסט ניט. קיין פיס האָט דאס ניט — און שטייט (פרט.).

ב) ווער באַקומט אן אפזאָג איידער ער הייבט אן צו בעטן? (פרט.).

ג) ווער איז זיכער פון א יונגען טויט? (פרט.).

ד) אליין בין איך אָרים, דעם צווייטן מאַך איך רייך. ווער בין איך? (פרט.).

ה) ס'קייקלט זיך א פעסעלע אין א שמאָלינקער געסעלע און ווערט ניט צעבראָכן (פרט.).

ו) אלעמען באַנייט דאָס, אלעמען באַקליידט דאָס און אליין גייט דאָס מוטער נאַקעט. וואָס איז דאָס? (פרט.).

## ג. בייגונג פון הויפּטווערטער.

## א. נעמען פון באַלעבטע זאַכן.

דערקלערונג.

| | |
|---|---|
| 1־טער פאַל. | ד ע ר ש נ יי ד ע ר ג ייט [אַנסקי]. |
| 2־טער פאַל. | ד ע ם ש נ יי ד ע ר ס טאָכטער בין איך דאָך [פ. ליד]. |
| 3־טער פאַל. | קיין האָניק האָב איך ביי ד ע ם ש נ יי ד ע ר ניט געלעקט [מענדעלע]. |
| 4־טער פאַל. | ד ע ם ש נ יי ד ע ר האָט זי ליב! [פ. ליד]. |

| | |
|---|---|
| 1־טער פאַל. | ד י יי ד ע נ ע קריגט זיך מיט דער גויע, די גויע־מיט דער יידענע [אַש]. |
| 2־טער פאַל. | האָט די גויע ד ע ר יי ד ע נ ע ס אַ קינד אין שטוב צו זיך אריינגעכאפּט [אַש]. |
| 3־טער פאַל. | די גויע מיט ד ע ר יי ד ע נ ע האָבן געלעבט בשלום [אַש]. |

4־טער פאַל· האָט איר געזעען די י י ד ע נ ע? (ש־ע)·

1־טער פאַל· ד אָ ס ק י נ ד ליגט אין וויגעלע (פ· ליד)·
2־טער פאַל· אונטער ד ע ם ק י נ ד ס וויגעלע שטייט אַ גאָלדן ציגעלע (פ· ל)·
3־טער פאַל· איך האָלט ד ע ם ק י נ ד דאָס מויל צו /אַש/·
4־טער פאַל· דער גרייז דערהערט דעם קול און נעמט ד אָ ס ק י נ ד /יהואָש/·

## א ו י ס פ י ר § 38.

איין און דאָס זעלביקע הויפּטוואָרט קאָן אין איין זאַץ זיין אַ זאַכוואָרט, אין צווייטן—אַ זאָגוואָרט, אין דריטן—אַ זאַכבאַשטימונג און אַזוי ווי·; אין איין זאַץ קאָן עס האָבן אַ פּאָרוואָרט פאַר זיך, אין צווייטן מעג עס שטיין אָן אַ פּאָרוואָרט· אַזוי ווי דער באַטייט פונם הויפּטוואָרט אין זאַץ איז פאַרשיידן, מוז דעריבער אָנגע־וויזן ווערן, וואָסער אָרט דאָס הויפּטוואָרט פאַרנעמט אין דעם זאַץ· בכן, קען דאָס הויפּטוואָרט געשטעלט ווערן אין פיר פאַלגנדיקע פאַלן: א) אין ערשטן פאַל, בשעת עס איז אַ זאַכוואָרט; ב) בשעת דאָס הויפּטוואָרט איז אַ זאַכבאַשטימונג שטייט עס געוויינטלעך אינם צווייטן פאַל; ג)אין דריטן פאַל שטייט עס ס׳רוב יעמאָלט, ווען עס קומט צוזאַמען מיט אַ פּאָרוואָרט; ד) אין פערטן פאַל—ווען עס איז אַ צוגאָב (אָן אַ פּאָרוואָרט)· דאָס הויפּטוואָרט בייט זיך לויט זיינע פאַלן· אין איין פאַל באַקומט עס אַ פאַרלענגערונג, אַ צ ו ו אַ ק ס—ס (די ענדונג פונם צווייטן פאַל), אין אַנדערע פאַלן בייט זיך דער באַשטימטער אַרטיקל·

די פאַראַנדערונג פון די הויפּטווערטער לויט די צאָלן און פאַלן הייסט די ב י י ג ו נ ג פ ו ן ה ו י פּ ט־ו ו ע ר ט ע ר·

ב אַ מ ע ר ק ו נ ג ע ן·

א· אין דריטן פאַל קאָן אויך שטיין א זאגבאַשטימונג אָן אַ פּאָרוואָרט, געוויינטלעך יעמאָלט, ווען דאָס צייטוואָרט קאָן האָבן א צווייטע זאגבאַשטימונג אין דעם פערטן פאַל· למשל: איך גיב דעם חבר אַ בוך·

ב· מען קען געבען יעדן פאַל אַ באַזונדערן נאָמען: דעם ערשטן פאַל—נאָמענפאַל, דעם צווייטן—צוגעהערפאַל, דעם דריטן—פּאָרוואָרטפאַל, דעם פערטן—צוגאָבפאַל (פּרוווט דערקלערן די נעמען!)·

## אויפגאבעס:

186· אין וועלכע פאַלן בייט זיך דער באַשטימטער אַרטיקל פון מענלעכן מין? דער באַשטימטער אַרטיקל פון ווייבלעכן מין? אין וועלכע פאַלן בייט זיך דער באַשטימטער אַרטיקל פון מיטלען מין? אויף וועלכע פראַגעס ענטפערט יעדער פאַל?

187· שטעלט איבער אַלע זאַצן [וואָס קומען פאַר § 38 ] אין דער מערצאָל און ווייזט אָן, ווי עס בייט זיך אין מערצאָל דער באַשטימטער אַרטיקל· וועלכע ענדונגען באַקומען די הויפּטווערטער בעת דער בייגונג אין דער מערצאל פאָרם·

188· שטעלט איבער דיזעלביקע זאצן מיט דעם אומבאַשטימטן אַרטיקל· ווי בייט זיך בעת דער בייגונג דער אומבאַשטימטער אַרטיקל? צי איז פאַראַן אַ חלוק צווישן בייגן דאָס הויפּטוואָרט מיטן באַשטימטן און אומבאַשטימטן אַרטיקל? ווען איז גרינגער צו דערקענען דעם פאַל: ווען דאָס הויפּטוואָרט שטייט מיט דעם באַשטימטן אַרטיקל אָדער ווען ס׳איז צוזאַמען מיט דעם אומבאַשטימטן אַרטיקל?

189· טראַכט צו אַ פּאָר אַזוינע זאַצן, אין וועלכע דאָס זאָגוואָרט זאָל זיין אַ הויפּטוואָרט· אין וועלכן פאַל שטייט געוויינטלעך דאָס זאָגוואָרט?

190· קלערט צו פאַר יעדן פון די פאָלגנדיקע הויפּטווערטער צו פיר אַזוינע זאַצן, אַז אין יעדן פון זיי זאָל דאָסזעלביקע וואָרט שטיין אין אַן אַנדער פאַל· דריקט אויס דיזעלביקע זאַצן אין דער מערצאָלפאָרם·

דער וואָלף, די טאָכטער, דאָס קעלבל, אַ פאַסטעך, אַ בהמה, דער חתן, אַ האָז, די קאַץ, די שניידערקע, אַ הינטל·

191· אין וועלכן פאַל שטייען די הויפּטווערטער?

אַ לערנערס טאָכטער בין איך דאָך (פּ· ליז)· גאָטס וועלט איז פון דעמאָלט אַ ווייסע געוואָרן (טייטש)· טראָג מיך, ים, צום מוטערס שויס (ביאַל·)· אין דעם יתומס וויגעלע האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אַ פײַער (פּ. ליד)· דער חזן האָט געהאַט אַ קלײַן משרתל (מענדעלע)· דעם שור־הבר מיטן לויתן וועלן מיר עסן (פּ· ליד)· אַ חזיר איז אין הויף פאַרקראָכן צו אַ פריץ (ריוו·)· און גאָט איז טאַקע מזכה דעם פּרוש מיט אַ בער אין וואַלד (ריוו·)· איצט גיי אַראָפּ צום טעפּערס הויז (ביאַל·)· איך וועל הייסן מײַן בער דיר טאַנצן (מענדעלע)· אַ פײַגעלע דערשאָסן האָט אַ יעגער (ריוו·)· און צוליב די קינדערס תּפילה זאָלן קוואַלן פליסן קילע (פּיכ.)· איר מאַן איז אַן אײַנבינדער און הייסט משה, ער האָט אַ שם פאַרן בעסטן בעל־מלאכה (ש·—ע·)· מענדל דעם שוחטס קענט איר צי ניין? (ש·—ע·)· יידן גיבן אַכטונג אויף די פּויערים (שוו·)· איך האָב ליב געהאַט קלעזמער ווי דאָס לעבן (ש·—ע.)· איך האָב דאָס אויסגעביטן ביי מיינט אַ חבר אויף אַ שטיקל שטאָל פון דער מאַמעס קרינאַלינע (ש·—ע.)· קינדער האָט ער געהאַט אַ טוץ (ש.—ע·)· דער קליינער חיים, וואָס זיצט אויף דער מוטערס צווייטער האַנט, ווערט אייפערזיכ־טיק, און דער קלײַנער ייד מיטן קלײַנעם גוי הייבן אָן צו קוקן אײַנער אויפן אַנדערן (אַש)· דאס גאַנצע שטעטל איז פול מיט מחותּנים און מחותּנתטעס (אַש)· מאַמעס טראָגן זויגנדיקע קינדער אין די קישנס, ברידער—קליינע שוועסטערלעך (אַש)· זעט ער פאַר זיך אַ דייטשל (פּרץ)· טוביה זאָל לויפן צום דייטשל מיט אַ קלאָרער תּשובה (פּרץ)· אַ שעפּס האָט זיך פאַרגלוסט אַ טרונק (ריוו·)· דער כּלהס שוועסטער שייינקע — די רויזן ווייס און ראָז (נייד·)· דעם דאָקטאָרס רייד האָבן מיך באַרואיקט (פּייג.)· אויב ס'האָט דער לייב זיך מיט דעם קאָט געטראָפן, וועט דער לייב קיין גאַנצער ניט אַרויס (ריוו·)· איך הילש מיט דער פּריצטע ווערן באַ־קאָנט (ריוו·)· מיין פײַגעלע וויל שפּייזן זיך פון קצבה און זאָגט צו דער מוראַשקע (ריוו·)· איך און אונזער שכנס אײַנציק ייגגל לויפן האַסטיק מיט די היטלען (אַד.)· אַ זשאַבע האָט נאָנט ביי אַ טייך דערזען אַן אָקס (ריוו·)· איך בין ביים פּריץ אַ שליח (ריוו·)· זי איז אַ חסידס אַ טאָכטער (טעג.)· דאָס טייבל פאַרלאָזט זיין חנעוודיקע ווייבל (ריוו·)· ער וויל פון שעפּסן גאָרנישט וויסן (ריוו·)· און נאָך דעם פוקס צערײַדן זיך די איבעריקע חיות (ריוו·)·

192. אפשר וועט איר אָנווייזן, ווי מען קען פאַרבײַטן דעם צווייטן פאַל מיט דעם דריטן? אין וועלכן פאַל שטייען ס'רוב אומשטאַנד־באַשטימונגען·

## ב· נעמען פון אומבאַלעבטע זאַכן·

### דערקלערונג.

1)· 1־טער פאַל· ס'פײַפט און ברומט דער ווינט (נאָמ·).

2־טער פאַל

3־טער פאַל· פאַר אים וועט זי האָבן אַ דין־תּורה מיט דעם ווינט (פּרץ)·

4־טער פאַל· איך ליב דעם ווינט (מ· ר·).

— — — — — —

1־טער פאַל· די שאפּע וועט ניט אַרויס פון דער טיר (ש.—ע.)

2־טער פאַל·

3־טער פאַל· איך האָב מורא געהאַט פאַר דער שאפּע (ש.—ע·).

4־טער פאַל· דער סטאָליער האָט געמאָסטן די שאפּע (ש·—ע·)

— — — — — —

1־טער פאַל· דאָס מעסערל איז ביי מיר אין האַנט (ש·—ע.)·

2־טער פאַל·
3־טער פאַל· מען קערט איבער די שטוב נאָך דעם מעסערל (ש·־ע)·
4־טער פאַל· ער נעמט צו ביי מיר דאָס מעסערל (ש·—ע.)·

2). דער הימל לאַכט מיט טרערן (פּרץ).
און פון הימלס ליבע טרערן זאָלן גרין די פעלדער ווערן (פיכ.).
אויף די פליגלען פון ווינט וועל איך קומען צו דיר (פ· ליד)·
אָט האָט איר אייך די ברייט פון דער שאפע (ש.—ע·)·

## אויספיר § 39·

די נעמען פון אומבאַלעבטע זאַכן ווערן געבייגט פונקט ווי די נעמען פון באַלעבטע זאַכן, נאָר דער צווייטער פאַל פעלט ביי זיי און ווערט שטענדיק פאַרביטן דורך דעם דריטן פאַל מיט דעם פאָרוואָרט פון·

## אויפגאבעס:

193· ווען קען זיך יא טרעפן, אַז די נעמען פון באַלעבטע זאַכן זאָלן ווערן באַנוצט אין דעם צווייטן פאַל? (זע ביישפּ. 2).

194· שטעלט איבער אַלע זאַצן, וואָס שטייען פאַר דעם פּאַראַגראַף, אין מערצאָל, שטעלט עס מיט דעם אומבאַשטימטן אַרטיקל — און באַטראַכט די בייגונג פון די הויפּטווערטער·

195· בייגט די פאָלגנדיקע ווערטער, צוקלערנדיק פאַר יעדן פון זיי צו פיר אַזוינע זאַצן, אַז אין יעדן פון זיי זאָל דאָסזעלביקע וואָרט שטיין אין אַן אַנדער פאַל (אויב די הויפּטווערטער פאַרמאָגן ניט דעם צווייטן פאַל — דריקט אים אויס דורך דעם פאָרוואָרט „פון" מיט דעם דריטן פאַל)· די זעלביקע זאַצן שטעלט שפּעטער איבער אין דער מערצאָל·

אַ שטיין, דער אָוונט, אַ טיש, די שוויגער, אַ שטוב, דאָס העמד, אַ גזלן, אַ האַלז, דאָס גליק, די סטרונע, דער שבת.

196. אין וועלכן פאַל שטייען די הויפּטווערטער?

דאָס לעמפּעלע ברענט;
ביים טיש זע איך זיצן
מיין אַלטיטשקע באָבע
מיט דער זאָק אין דער האַנט.
דער שאטן פון שלויער
ווייזט אויס ווי אַ חיה
מיט הערנער, וואָס ציטערט
און לויפט אויף דער וואַנט (פרוג).

ס'איז אָבער נישט געווען, ווי די מאַמע האָט געזאָגט, מיטן טייטל, ס'איז גאָר געווען מיט דער ציג, מיט דער וויג וכדומה מיט אַזעלכע זאַכן (מענדעלע). זיי קושן קוים די ראָזקייט פון די בלעטער (ניי־ד·). ער אַרבעט מיט דער גסיסה ווי פאַר דער מיתה (ריוו·). אַ לויב און געזאַנג דער מי און דער אַרבעט (פרוג)· אין די מלחמות צווישן קונדסים איז ער געווען דער גענעראַל, מיט עפּעס אַ פאַרשאַרמיצל אויפן קאָפּ, אַרומגעשטעקט מיט פעדערן· די גבורה און דאָס גאַנצע גרויסקייט זיינס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געהייסן איטלעכן מקיים פּסק זיין, גלאַט אַזוי זיך פון זיין כבוד וועגן (מענדעלע). אַזוי גוט איז דיר אויך דאָס פעלד, וואו דער פויער אַרבעט מיט געזאַנג; האַרצלעך באַגריסט ער דיך און ווייזט דיר זיין „קאָביאַלקע" מיט מילך און ברויט, וואָס איז פאַר דער זון באַהאַלטן· — „עס" בעט ער זיך, און איבער זיין קאָפּ פליען אַרום זינגענדיקע שוואָרן פון פייגל· ער יאָגט זיי נישט, ער קאַרגט זיי קיין קערנדל נישט, גאָטס ברכה איז פאַר אַלע

און זיי פליִען ארום אים און זינגען אים צו צו דער אַרבעט... און די פייגל דער־קענען באַלד, אַז דו ביסט אַ פרעמדער, און זינגען דיר אַ זמר, אַ גרוס פון דער היים (פרץ). אדיע, אַדיע דער ליבער זון, דעם הימל און די שטראַלן (סעג.). דער לבנהס ערנסט בילד בלייך און רואיק שטראַלט (יהואש). האָבן זיך די שטראַלן פון דער זון מיט געוואַלד אַרייַנגעשפאַרט (ר.). אַ שטיפעריקע אַ מאַלפע, אַ חמור, אַ באָק און געזונטן בער האָט אין אַ שיינעם טאָג פאַרגלוסט זיך געבן אַ קאָנצערט. זיי האָבן אויסגעזוכט פון אונטער דרעוד כלי־זמר, נאָטן, ווי גאָט האָט געבאָטן, אַ באַס, אַן אַלט, דערצו צוויי פידלען און טאַקע באַלד גענומען זינגען לידלעך (ריוו.). צוויי בושלעס, גוואַרדייַצעס, מיט לאַנגע רויטע פיס שטייען אויפן גראָז פאַרריַיסנדיק די קעפ אין דער הייך און קוקן מיט גדלות (מענדעלע). אונזער הייזל, ווי אַן אַלטער באַלעבאָס אין תכריכים, שטייט זיך ביים ברעג, קוקט זיך צו צום פאַרפראָרענעם טייַך און עס שווייַגט, ביז דער טייַך וועט צו תחית־המתים אויפשטייַן. דערווייל איז דער טייַך געשטאָרבן און אין אַ ווייסן קיטל אייַנגעהילט. ראָבן פליען אויף זייַן ברייט און לענג, שטעלן זיך אויף דעם טייכס רוקן און עכערן זייַן אָפגעטאָקטע דעקע (אַש). מען האָט יסורים, קלעמעניש און שאַנד (ריוו.)

197. וועלכער פאַל טרעפט זיך ווייניקער פאַר אַלע? וועלכער טרעפט זיך עפטער פאַר אַלע?

# ג. איינגעבעמען.

## דערקלערונג.

א). 1־טער פאַל. מאָטל איז אַ וואוילער בחור (סעג.).
2־טער פאַל. זי הייסט שוין מאָטלס כלה (סעג.).
3־טער פאַל. רייזל גייט אַרום מיט מאָטלען (סעג.).
4־טער פאַל. זי האָט מאָטלען שוין פאַרגעסן (טעג.).
1־טער פאַל. רייזעלע איז שוין פון דער מאַמען ניט אָפגעטראָטן (ר.).
2־טער פאַל. די שטראַלן פון דער זון זייַנען געפאַלן אויף רייזעלעס פנים (ר.).
3־טער פאַל. צעוויינט זיך אין רייזלען דאָס קייַנע הערצעלע (ר.).
4־טער פאַל. זי באַטראַכט רייזעלען (ר.).

ב). אין דער ליטע ליגט דאָס שטעטל (פייג.). בי דער ווייסל האָבן פישער זי באַגעגנט גאָר באַגינען (סעג.).

## אויספיר § 40.

די איינגעבעמען באַקומען אַן ענדונג אַפילו אין דעם דריטן און פערטן פאַל — „ן", פאַר דעמדאָזיקן „ן" פאַלט ניט אַרויס „ע", וואָס איז פאַראַן אין ערשטן פאַל. ווען דער „ן" איז אַ לעבעדיקער און ווען ניט — זע פאַראַגראַף פינפאונצוואַנציג.

## אויפגאַבעס.

198. בייגט די פאָלגנדיקע הויפטווערטער לויט דעם אָנווייַז אין דער אויפגאַבע № 195:

מוסיע, מענדל, ישראל, פייגע, סיני, אררט, ניעמאַן, ווילנע, ראַבינאָוויטש, שעפס, הערש־בער, גאָלדבערג, פוילן, מצרים.

199. אַלע איינגעבעמען באַקומען אַן ענדונג אין דעם 3־טן און 4־טן פאַל? וועלכע באַקומען יאָ? וועלכע — ניט?

200. ווייַזט אָן דעם פאַל, אין וועלכן עס שטייען די הויפטווערטער. אַנשטאָט דעם פרעגצייכן שטעלט אַוועק, וואו מען דאַרף, אַן „ע".

זי זאָל מאָט?לן מער נישט ליבן (סעג.). שיין איז רייזעלע דעם שוחטס (סעג.). שפּרינצ?ן רויטלט זיך די צורקע (מרד.). ווייזט מען דיר, וואו דעם מלך שלמהס פּאַלאַץ איז (פּרץ). פּעסיע איז ניט קיין גבירטע (ש.—ע.). איך האָב געמוסרט גאָלד?ן (מענדעלע). דו פּליסט אַרום אָן אַרבעט פון כאַסי?ן צו באַסי?ן (ריוו). ס'האָט אַ קויל געטראָפן סטאכ?ן... ווי מען האָט גענומען גראָבן פאַר דעם סטאַך אַ גרוב (ר.). שלמה המלכס טירן זיינען אָפן (פּרץ). ביי גרונמ?ן אין מיל האָט זיך אַ ברעט צעבראָכן (ריוו). איך האָב אָנגעהויבן צו ווערן ביי גאָלד?ן אין שטוב אַן אָפּטער גאַסט (מענדעלע). ר' ווועלוול?ן גלוסט זיך פליישיקס עסן (ריוו, מיין שמערקע האָט אַליין געגעסן, אָן בערק?ן גאָר פאַרגעסן (ריוו). גאָלדע האָט מיר געהייסן צוריקנעמען דאָס געלט (מענדעלע). נישט גאָלדעס שיינע גוטע מעלות זיינען מיר געפעלן (מענדעלע). האָט ער געזאָגט צו ר' טביה?ן, אַזוי האָט מען גערופן אונזער אביון (ריוו). אַזוי האָט געטראַקטירט ר' פייטל זיין שכן טרייטל?ן (ריוו). די מאַמע ווינקט צו לאה?ן, טאַפּנדיק דעם חולה ביי די פיס... לאה נעמט די אַנשלאָפן געוואָרענע קינדער און טראָגט זיי איבער אויף זייערע ערטער, הייסט שלמהל?ן אויך גיין אויף זיין אָרט שלאָפן (מענדעלע). בערעלע איז העכער און פולער פאַר יאַנקעל?ן, אויגן האָט ער העלערע און זיין קוק איז שטרענגער (ר.). זאָל ער זיין דערווייל ביי פעסי?ן (ש.—ע.). זיי האָבן נישט דערגעסן, נישט דערטרונקען, כדי צו צאָלן פאַר משהל?ן שכר־לימוד (מענדעלע). אוי, וואָלט ער געוואָלט איצט זעען משהל?ן מיט שלמה־יעקב?ן (אַש). מען דאַרף לבנ?ן אויף יום־טוב אַ ביסל אויספוצן (סט.). מען דאַרף אַמאָל זיך דורכפאָרן רייטנדיק אויף משותלחן און דוקא אַלע תלמוד־תורה ייִנגלעך מיט אַמאָל (ש.—ע.). יאָסעל?ן גיט אַ קלאַפּ דאָס האַרץ (י. ר.). צומאָרגנס אינדערפרי האָט מאָטק?ן אויפגעריסן פון שלאָף אַ לאַנגער שניידנדיקער פייף (אַש). מיר געזעגענען זיך מיט גאָלדע?ן (ש.—ע.). צוויי מענטשן האָבן ניט געקענט פאַרגעסן מתושלח?ן (ש.—ע.), און גאָלדבערג האָט שוין געמוזט נעכטיקן און קעסט עסן ביי עלקינס?ן (ראַבאַי). אין אַ פאָר וואָכן אַרום האָט מען אסנת?ן אַרויסגעיאָזט פון שפּיטאָל (אַש). איך גיב אָפּ קאַרפּ?ן מיין גאַנצן פאַרמעג?ן (ש.—ע.). ער פלעגט לערנען מיט שיינדעל?ן (מענדעלע).

# IV. דאָס בייוואָרט.

## א. באַגריף וועגן בייוואָרט. דאָס געשלעכט. די צאָלן.

### דערקלערונג.

1. ווידער ברענט דאָס אַלטע לעמפּל
אויפן הויכן, שיינעם אָרט...
ריין און הייליק, ליב און טייער
דאַרפן אונז אויף אייביק זיין
זייער שטילער, מילדער פייער, —
זייער ליכט און זייער שיין (פרוג).

דער הייליקער שבת גייט אַוועק פון אונז (פ. ליד). אַדיע, מיין טייערע, מיין ליבע (פ. ליד).

אויף די גרינע צווייַגעלעך
וואַקסט אַ גאָלדן עפּעלע (פּרץ).

2. אַ גוטער טאַטע ביי זיי — אַ גאָלד! די מאַמע איז אויך אַ גוטע,

נאָר אַ בייזע (ש—ע)· ס׳אַיז דאָ אַ לאַנגער שמאָלער בלויער פאַס, ווי אַ לאַנגע שמאָלע בלויע סטענגע (ש.—ע). אַ נייער בעזים קערט גוט (שפר.)· און פאַר יונגע קינדער גייט אַ וועלט אַ נייע (נסתר). לעבן גייט אַ נייעס ערשט פאַר קינדער קליינע (נסתר)· אין מערב־זייט הענגט דאָרט מיין גאָלדענער פּאַלאַץ (סעג.). אין מערב־זייט הענגט דאָרט מיין גאָלדענעס הויז (סעג.).

3. (זע ביישפּ· צום § 9)· די פעלדער די ברייטע — זיי שטייען אין גריבער צעגראָבן (אַד.)· אויף זייער גאַס זיינען דאָ גרויסע מויערן, גרויע ווענט, הויכע קוימנס (ש.—ע.)·

4. און ליב איז דער טאַטע און ליב איז די מאַמע,
און הייליק איז זייערס אַ וואָרט;
און שבת־ווייס דאָס שטיבל... און ליכטיק איר אַלקער... (אַד.)·
שוואַרצע אויגן ברענען, גליען,
דיינע זיינען שוואַרץ (סעג.).

## אויספיר § 41.

דער נאָמען פון אַ אייגנשאַפט הייסט בייוואָרט· דאָסזעלביקע בייוואָרט קען אַמאָל האָבן אַ לענגערע פאָרם און אמאָל אַ קירצערע פאָרם· די קירצערע פאָרם איז דער שטאַם פונם בייוואָרט· דער צו־וואַקס צו אָט דעם שטאַם איז די ענדונג פונם בייוואָרט (זע § 17)·

פאַרשיידענע זאַכן קענען האָבן איין־און דיזעלביקע אייגנשאַפט· איין־און דאָסזעלביקע בייוואָרט קאָן זיך, הייסט עס, באַציען צו פאַרשיידענע הויפּטווערטער פון פאַרשיידענע מינים· דאָס בייוואָרט גופא האָט דעם מין פונם הויפּטוואָרט, צו וועלכן עס באַציט זיך· שטייט דאָס בייוואָרט ביי אַ הויפּטוואָרט פון מענלעכן מין — איז דאָס בייוואָרט מענלעך· שטייט דאָסזעלביקע בייוואָרט ביי אַ הויפּטוואָרט פון ווייבלעכן מין -- איז עס שוין ווייבלעך א· אַזוי ווי (זע ביישפּ· 2)· בכן, הענגט דאָס געשלעכט פונם בייוואָרט אָפּ פון דעם הויפּטוואָרט· קירצער זאָגט מען עס: דאָס געשלעכט פונם בייוואָרט שטימט מיט דעם געשלעכט פונם הויפּטוואָרט·

דאָס בייוואָרט האָט צוויי צאָלן: איינצאָל און מערצאָל· דאָס בייוואָרט שטימט אויך מיט דעם הויפּטוואָרט אין דער צאָלפאָרם (ביישפּ· 3)·

די קורצע פאָרם פון בייווערטער בייט זיך קיין מאָל ניט: זי איז אין אַלע מינים און איןביידע צאָלן דיזעלביקע (ביישפּ· 4)·

## אויפגאַבעס.

201. פאַרוואָס הייסט דאָס בייוואָרט -- בייוואָרט? וואָסער גליד אין זאַץ איז געוויינטלעך דאָס בייוואָרט? וואָסער גליד אין זאַץ איז געוויינטלעך די קורצע פאָרם פונם בייוואָרט?

202. שרייבט אויף פינף זאַצן, וואו בייווערטער זאָלן שטיין אין זייער לענגערער, זייער פולער פאָרם, און שפּעטער נאָך פינף זאַצן, וואו דיזעלביקע בייווערטער זאָלן זיין אין דער קורצער פאָרם.

203. שטרייכלט אונטער די בייווערטער אין דער קורצער פאָרם מיט איין שטריכל און די בייווערטער אין דער לענגערער פאָרם מיט צוויי שטריכלעך·

די מעשה איז גאָרניט פרייליך (פ. ליד)· און די גרויסע אַלטעביימער שאָקלען מיט די גרינע צווייגן (פרוג·)· איך בין געפאָרן לאַנגע טעג אינם ווייטן שווערן וועג (דודל). דאָ איז גראַם, דאָ איז פריי, דאָ איז ליכטיק, דאָ איז פריש, דאָ איז וואַרים, דאָ איז גוט (ש.־ע·). מען הערט ריידן אַ יידיש וואָרט (ש.־ע·)· ווי איז דעם, וואָס האָט קיין מאַמען אויף דער גרויסער וויסטער ערד! שלאָף, מיין טייערער, מיין ליבער, מאַך די אויגן צו און רו (אייג·)· דער שניידער איז געווען אַ קליין דאַר יידל מיט אַ בלייך פנימל (מענדעלע·)· טראָפּנס טוי ווי פערל גלאַנצן אין די לעצטע אוונט שטראַלן, אין די פייכטע גרינע טאלן שלאָגן פרישע, קאַלטע קוואַלן

(פרוג.)· טשעטשעק האט ארויסגענומען פון אַ רויט שאַכטל א פידעלע, א קיילעכדיקס מיט א מאָדנע בייכעלע, האָט ארויפגעלייגט אויף דעם די גרויסע צעשפרייטע באָרד מיט די גרויסע געזונטע הענט (ש.־ע.)· א צינגל האָט לייזער געהאַט א געשליפנס, זעער אַ געלויפיקס (מענדעלע)· קיינער האָט קיין צייַט נישט געהאַט צו באַמערקן דעם בלאַסן יונגעמאַן, וואָס האָט נאָכגעשלעפּט א שוואַך און נאָך א בלאַס קינד (פּרץ.)· מיט קערנער קליין פאַרזייט זיין פעלד דער פויער /קאַצ./ אַ קליינרוסישער פויער מיט זיין רויט העמדל און שוואַרצן הוט שטייט און קוקט /אַש)· א שפיגעלע האָב איך פאַר מיר געהאַט לייזערס אַן אַרבעטער, אַ דאַרער, איינגעהויקערטער, אויסגעבלייכטער בחור (מענדעלע)· זי האָט מיט אַלע כוחות אויסגעצויגן אירע לאַנגע שוואַכע בלעטלעך צו כאַפּן נאָך א וואַרימען, נאָך א ליכטיקן שטראַל /פּרץ/· משהלע שטייט לעבן זיין ליב זילבערן לעמפּלע (סם.)· אין דער גאַס איז לעבעדיק, פריילעך (אש). ווילט איר אפשר זיין א בעלן אָנקוקן מיין שיינעם גאָרטן? /ביאל./ שלעפּט ער זיך עלנט אין אפענעם שנייאיקן פעלד מ. ל./, יאָ, איך ליב זיין איידעלן שפּילן /ביאל./. די טייערע ליבע חנוכה־טעג געדענקט משהלע אַ גאַנץ יאָר /סם./. אַמאָל איז געווען א שעפּסעלע שיין, א שעפּסעלע קליין /קול./

204. וועלכע ענדונגען קענען בייווערטער האָבן? (אויפן סמך פון דער אויפגאַבע 203).

205. ווייַזט אָן דעם מין און די צאָל פון די בייַווערטער.

אַ לייַב, אַ שטאַרקער און אַ גרויסער, אַ פוקס און אַ קלייַן הינטל האָבן געמאַכט יד־אחת (ריוו.)· גראָז האָט ער געבראַכט צו טראָגן; אַ פּאַק מיט גראָז, מאָדנע, לאַנגע, גרינע, שמעקעדיקע גראָזן (ש.־ע.)· העל און ליכטיק איז דאָס שטיבל, און דער אלקער, און דאָס געֶרטל, און דאס קלייַנע, ווייַסע הייזל פון די זיבן חלב־ליכטלעך, וואָס זיי ברענען מיט אַ געלן, מיט אַ ווייכן, פרומען שיין (אד.)· דער שרעקלעכער ווינט, דער געפערליכער שטורים — ער ראַנגלט זיך דאָרט מיט אַ שיף אויפן [ים] (מ. ר.)· דער טיפער וואַלד, דאָס פרייע פעלד, דעם פרילינגס אַלע פראַכטן... אַדיע, אַדיע דער שיינער וועלט (סעג.)· דער גאון פון ווילנע... אַ זקן אַ קלוגער; אַ געֶנזענע פעדער אין האַנט... אַנטקעגן דעם גאון אַ מזרח אַ גרויסער... אַ ווייסע מנורה מיט רערעלעך זיבן, מיט גרויסע צוויי סארנעס ביים זייַט (אד.)· אונזער אַלטער זייגער ליגט אויף דער ערד, אָנגעטאָן אין ווייסע תכריכים (ש.־ע.)· אַ שטילע ליבע אימה הערשט איבער אַלץ (אַש). קילער, שטילער אָוונט ווינט, ס'רוט די גאַנצע וועלט אַצינד (פיכ.)· דאָס קליינע מענטשעלע איז מיר נישט אַרויס פונם זינען (מענדעלע)· אַ ליבעס קינד איז נעמילע (נייד.)· איך בין נאָך אַ קינד אַ לעבעדיקס אַ פרישעס (פרוג)· דאָרט ווייט אין אַ שטעטל אַ קליינס אין דער ליטע, דאָרט קענסטו נאָך טרעפן דאָס יידישע קינד, וואָס ווייס נישט פון רוישיקע שטעט (נייד.)· שטיל פאַרוועלקט דאָס לעצטע, לעצטע בלימל (יפה)· און בלוי איז דער הימל און בלוי איז דער דרויסן, און בלוי איז דאָס וואַסער פון טייַך, וואָס נעמט ווי אַ גאַרטל אַרום ס'גאַנצע דערפל—און בלוי איז דאָס ווינטל און ווייך (אד.)· אַ וואַלד. ביימער־סאָסנעס געוויקסיקע ציען זיך ווי אַ סטרונע גלייך, הויך אַין הימל אַריין, אונטן גלאַט־נאַקעט און אויף די קעפּ גרינע היטלען קאַפּעליושן אַ ים, צווישן וועלכע עס ברעכן זיך דורך שטראַלן ליכטיקע פון דער זון און באַלייגן דאָס ריינע סאַמעטענע גראָז זיי ביי די פיס מיט העלע פאַסן גינגאָלדענע. פאַר דעם וואַלד שטייען קלייַנע געדיכטע וועלדלעך פון נידעריקע יונג־פרישע זאַפטיקעביימלעך כל־המינים, צעוואָרפן דאָ, דאָרטן, אויף אַ היפשן, פרייַען, מיט גרעזלעך און שמעקעדיקע קרייטעכצער באַוואַקסענעם פלאַץ (מענדעלע)·

פאַריתומט בלייבט דאָס בערגלדיקע פעלד,

דער פויער פירט אראָפּ די לעצטע גארבן,
און אויף דער ברייטער שטעכעדיקער בארשט
פארגליווערט בלייבן אבלדיקע פארבן (יפה).

206. וואָסערע ענדונגען האָבן די ביווערטער אין מערצאָל?

207. טרעפט די רעטענישן:

א) א גראָבע מאַמע,
א רויטער טאַטע,
א הויכער זון,
א משוגענע טאָכטער.
וואָס איז דאָס?

ב) אַ ברייטע מוטער,
אַ הויכער פאָטער,
אַ בלינדע טאָכטער,
אַ משוגענער איידים,
אַ פלינקער אייניקל.
וואָס איז דאָס?

## ב. פארגלייכגראַדן.

**דערקלערונג:**

1. דו מיידעלע דו שיינס, דו מיידעלע דו פיינס,
איך וועל דיר עפּעס פרעגן אַ רעטעניש אַ קליינס,
וואָס איז העכער פאַר אַ הויז?
וואָס איז פלינקער פאַר אַ מויז?
דו נאַרישער בחור, דו נאַרישער טראָפּ,
דו האָסט קיין שכל אין דיין קאָפּ!
דער קוימען איז העכער פאַר דעם הויז,
די קאַץ איז פלינקער פאַר דער מויז (פ. ליד).

———————

2. רייזעלעס בלייך פנימל איז בלייכער געוואָרן (ר.). און שווער און שווערער ווערט די נעץ (פרץ). ס'ווערט דער הימל בלויער, העכער (ניידי).

3. האַנדלען מיט צירונג טייערע, מיט כלים און בשמים טייערסטע (פרץ). אויף די הויכע טאָפּאָלשפּיצן שלאָפט איין דאָס העכסטע בלאַט (יהואש). דאָס שענסטע לידגעזאַנג, די שענסטע מעלאָדיען ניט זינג ביים בליען, נאָר זינג ביים אונטערגאַנג.

4. שטאַרק, שטאַרקער, דער שטאַרקסטער.
הויך, העכער, דער העכסטער.
טויט, ליימען, הייבטיקן, ווילנער.

**אויספיר** § 42.

דיזעלביקע אייגנשאַפט קאָן זיין אין אַ סך זאַכן. אין איין זאַך אָבער קען די אייגנשאַפט זיין מער אין אַ שטאַרקערן גראַד, אין אַ פולערער מאָס ווי אין דער צווייטער. ס'קען אויך זיין אַ זאַך, וואו די אייגנשאַפט איז פאַראַן מער, איז שטאַרקער אויסגעדריקט ווי אין אַלע איבעריקע זאַכן פון דעם גאַנצן מין. דעריבער האָט דאָס ביוואָרט צוויי פאַרגלייכגראַדן, כדי אונז צו ווייזן, אין וואָסער מאָס, און וואָסער מדרגה איז די אייגנשאַפט פאַראַן אין דער זאַך לגבי אַנדערע זאַכן מיט דערזעלביקער אייגנשאַפט.

מיר אונטערשיידן צוויי פאַרגלייכגראַדן:

1. דעם ערשטן פאַרגלייכגראַד, וואָס פאַרגלייכט אייגנשאַפטן אין צוויי זאַכן (אָדער אין צוויי מאָמענטן) און ווייזט אָן, אַז די אייגנשאַפט איז אין איינער פאַראַן אין אַ גרעסערער מאָס, אין אַ העכערער מדרגה לגבי דער אנדער זאַך.

2. דעם צווייטן אָדער דעם העכסטן פאַרגלייכגראַד, וואָס פאַר-

גלייכט אייגנשאַפטן און אַלע זאַכן, וואָס פאַרמאָגן נאָר זיי, און ווייזט אָן, אַז די אייגנשאַפט האָט אין דער זאַך דערגרייכט די העכסטע מדרגה, די גרעסטע מאָס, זי איז אין איר מער ווי אין אַלע איבעריקע זאַכן פון דעם זעלביקן מין.

ביידע פאַרגלייכגראַדן בילדן זיך פונם בייוואָרט, פונם יסוד, וואָס ווייזט אָן, אַז ס'איז פשוט פאַראַן אַ געוויסע אייגנשאַפט אָדער אַז אין די זאַכן איז די אייגנשאַפט אויסגעדריקט אין דער זעלביקער מאָס.

פאַראַן בייוועָרטער, וואָס האָבן ניט קיין פאַרגלייכגראַדן (פאַרוואָס?).

## אויפגאבעס.

208. וואָסער ענדונג קומט צו צום בייוואָרט [אָדער צום יסוד־ גראַד] אין דעם ערשטן פאַרגלייכגראַד? ווי איז די ענדונג פונם העכסטן פאַרגלייכגראַד?

209. שרייבט אויף צען בייווערטער, וואָס פאַרמאָגן ניט קיין פאַרגלייכגראַדן.

210. ווי זיינען די פאַרגלייכגראַדן פון די פאָלגנדיקע בייווערטער? ליבלעך, גוט, פיין, ריין, קורץ, רויט, טונקל, נאָענט, ביטער, טרוקן, גראָב, איידל, קליין, קרענקלעך, שלעכט, שאַרף, געזונט, פרום, זיידן, נעבעכדיק, היגטערשטער, צייטיק, נאַטירלעך, ווייניק, בייז, שטאָלץ.

211. וויַיזט אָן דעם פאַרגלייכגראַד; דערקלערט, פאַר וואָס ער ווערט דא באַנוצט; ווייזט אָן דעם יסוד און די ענדונג.

און גרונם גייט אַהיים אוועק ווי אַ בער אָן אַן עק, נאָך בלייכער און נאָך גרינער, אָן וואַסער און אָן הינער (ריוו.) די נאַכט ווערט שפּעט און שפּעטער (יהואש). חברשאפט איז שטאַרקער ווי ברידערשאַפט (שפר.). ער האָט זיך געהאַלטן נידעריקער פאַר אים (אַש). דאָס לייַכטסטע איז צו געבן יענעם אַן עצה, דאָס שווערסטע — זיך אַליין (שפר.) דער מהלך צווישן אים און פלעמל איז ניט לענגער און ניט קירצער (פרץ). דער בעסטער ביסן קומט אָן דעם ערגסטן הונט (שפר.). ביסט די קליגסטע, ביסט די שענסטע (סעג.). אַ מענטש איז אַמאָל שטאַרקער פון אייזן און אַמאָל שלאַפער פון אַ פליג (שפר.). ווערן ברייטער ווי לענגער (ווערטל). די הימלען ווערן טונקעלער (סעג.). ווען פרייט זיך דער הויקער? אַז ער זעט אַ גרעסערן פון זיך (שפר.). בעסער ביים ערגסטן צו האָבן איידער דעם בעסטן שולדיג צו זיין (שפר.). תורה איז די בעסטע סחורה (שפר.). עס קאָסט מיר גאַנץ טייער דיין קלענסטער פאַרלאַנג (סעג.). דער ים איז דעם מענטשנס געפערלעכסטער שונא (פרץ). שענער אַ מיאוסע לאטע איידער אַ שיינע לאָך (שפר.). נאָר זייער כּעס איז אַלץ שטאַרקער און ווילדער געוואָרן (דינ.). דאָס קהל שטיבל האָט געגומען אויסזעען שענער, ציכטיקער (שנ.). דער וועג איז שווערער געוואָרן (אַש.). דער ווייטסטער וועג איז צו דער קעשענע (שפר.) זיי קענען שוין די קלענסטע שוואַלב אויף זיך ניט דערהאַלטן (פרץ). אַז שטאַרק איז די פעסטונג און שטאַרקער די קייטן (שוו.) פאָלג זשע מיר, אַן עלטערן און אַ געניטערן (מרד.). עס ווערן שוין רויטער און שוואַרצער די קאַרשן (סעג.). דו קומסט שוין ניט, מיין פריינד, צו מיר, מיין טייַערסטער, מיַין נענטסטער (סעג.). דער זיידע ר' מאיר איז דער גרעסטער גביר פון שטאָט (ש.—ע.). וואָס אַ טאָג מער, ווערט אַלץ לוסטיקער און לעבעדיקער אויפן ברעג (שוו.). עס איז טונקעלער געוואָרן, עס איז אָבער פיל היימישער און פרייַלעכער (אַש.). ער הייבט אָן לייענען אַ תחינה אויף דער דינסטער סטרונע (מרד.). קילער ווערן די טעג, לענגער די אומרואיקע נעכט (פרץ). די פרנסה און די לופט ווערן קנאַפּער (פרץ). פון קלענסטן גרעזל אין וואַלד ביז דער העכסטער צום הימל געוואַקסענער סאָסנע, ביזן שטאַרקסטן צעדייַגטן דעמב — לאַכט דיר אַלץ אַנטקעגן (פרץ). מייַן פּאָן איז שענער פון אַלע פּאָנען, מיין עפּל איז רויטער פון אַלע עפּל, מיין ליכטל איז גרעסער פון אַלע ליכטלעך (ש.—ע.). ערנסטער ווערט דאָס פנים ביי זייַן אַלטן שכן (פרץ). דער עולם הייבט אָן ווערן קלענער און זיַין פנים פינסטערער (פרץ). און עס טרינקען ווייַנען בעסטע פון לאַנד די שררות גרעסטע (טיַיטש). דאָס יאָר

איז געווען דאָס גרעסטע גערעכנסטע יאָר, צייט מענטשן געדענקען, און די צייט איז גע־
ווען די הערלעכסטע — דער רייפער זומער (אַש), אַוועק מיטן פייער אין העכערע
וועלטן (מרד.). וואָס ווייטער ווערט דאָס כריפען גרעסער און דאָס קלינגען שטי־
לער און אומעטיקער, און דער טאַטע ווערט מרה־שחורהדיקער (ש.—ע.). די ייגנ־
סטע, די קרעפטיקסטע מענטשן — זיי שטייען אין פלאַקער (אד.). געבײדעס אום־
געהויער, די גרעסטע אין דער וועלט, דאָך וואוינונגען די קלענסטע און לופט פאַר
קינדער פעלט (ר.).

212. ס'איז פאַראַן נאָך אַ מיטל צו בילדן די פאַרגלײַכגראַדן: אנשטאָט
ענדונגען צום סוף פונם יסוד לייגט מען צו גאַנצע ווערטער, וואָס גיבן צו דעם
באַטייט פון די פאַרגלײַכגראַדן. אפשר וועט איר זיך אָנשטויסן, ווי מען מאַכט עס,
וואָסערע ווערטער מען דאַרף צולייגן פאַר יעדן פאַרגלייכגראַד? פאַרבײַט אין
דער פריערדיקער איבונג די ענדונגען פון די פאַרגלײַכגראַדן מיט די ווערטער:
מער, ווייניקער, סאַמע א. אַז. וו.

213. וועלכע פאָרווערטער אדער אַנדערע ווערטלעך ווערן געשטעלט נאָך די
פאַרגלייכגראַדן, בשעת עס קומט נאָך זיי דאָס, מיט וואָס עס ווערט פאַרגלייכט?
ווען ווערט באַנוצט ביי פאַרגלײַכונגען דער יסוד־גראַד?

214. וועלכן אַרטיקל באַנוצט מען געוויינטלעך מיט דעם העכסטן פאַרגלײַכ־
גראַד? פאַרוואָס דוקא דעם אַרטיקל?

215. א) וואָסער וואָרט ווערט קירצער, בשעת מען לייגט צו צו אים צוויי
אותיות? (גר. ביימ.).

ב) וואָס פאַר אַ זאַך ווערט גרעסער, וואָס מער מען נעמט פון איר?
(פרט.).

ג) וועלכער ייד טראָגט דאָס גרעסטע היטל? (פרט.).

ד) וואָס איז עס: העכער ווי אַ הויז, קלענער ווי אַ מויז, זיס ווי צו־
קער, ביטער ווי גאַל? (פרט.).

## ג. בייגונג פון ביי־ווערטער.

**דערקלערונג.**

| | |
|---|---|
| 1־טער פאַל. | דער ווינט דער בייזער פייפט און שפּילט און לאַכט (ר.). |
| 2־טער פאַל. | פון די שטויסן פונם בייזן ווינט האָבן די צווייגן אויף די בוימער זיך געשאָקלט אַהין און אַהער. |
| 3־טער פאַל. | אַלע טאָג פלעגט ער קומען אויף אַ בייזן ווינט (ר.). |
| 4־טער פאַל. | קיין כח קאָן דעם בייזן ווינט ניט איינשטילן. |

— — — — — —

| | |
|---|---|
| 1־טער פאַל. | אונזער גלעזערנע שאַפע איז צונויפגעוואַקסן מיט דער וואַנט (ש.־ע.). |
| 2־טער פאַל. | די טירן פון דער גלעזערנער שאַפע זיינען געווען אָפן. |
| 3־טער פאַל. | מיין ברודער אליהו כאַפּט אַ קוק אויף דער גלעזערנער שאַפע (ש.־ע.). |
| 4־טער פאַל. | מע האָט געגעבן אַ נעם אונזער גלעזערנע שאַפע (ש.־ע.). |

— — — — — —

| | |
|---|---|
| 1־טער פאַל. | דאָס קליינע קינד ליגט אין וויגעלע. |
| 2־טער פאַל. | דעם קליינעם קינדס אייגעלעך האָבן געגלאַנצט פון פרייד. |
| 3־טער פאַל. | גיב דעם קליינעם קינד אַ צאַצקעלע. |

4־טער פאַל· אויף זיינע ישטאַרקע הענט טראָגט ער דאָס קליינע קינד.

— — — — — —

1־טער פאַל· ער איז געווען אַ גרויסער אָרימאַן (פרץ)·
2־טער פאַל· אַ גרויסן מענטשנס נאָמען ווערט קיין מאָל ניט פאַרגעסן·
3־טער פאַל· דער סטאָליאַר האָט געמאָסטן די שאַפע מיט זיין גרויסן רויטן נאָגל (ש־ע)·
4־טער פאַל· מיטן בעזים וועט ער יאָגן און אַ גרויסן בער דערשלאָגן (פרץ)·

— — — — — —

1־טער פאַל· אָט די גרויסע גראָבע מאַדאַם וועט איר געבן עסן (ר·)
2־טער פאַל· דער אַלטער יידינעס אויגן זיינען געווען רויט פון וויינען.
3־טער פאַל· רייזעלע האָט אויסגעשטעלט די אויגן אויף דער גרויסער גראָבער מאַדאַם (ר·).
4־טער פאַל· ער האָט אַן עקסטרע גרויסע שטוב געהאַט (דינ.)·

— — — — — —

## אויספיר: § 43.

דאָס בייוואָרט אין דער לענגערער פאָרם שטימט מיט דעם הויפטוואָרט ניט נאָר אין צאָל און מין, נאָר אויך אינם פאַל· בכן ווערט דאָס בייוואָרט געבייגט און עס האָט די זעלביקע פאַלן, וואָס דאָס הויפטוואָרט·

## אויפגאבעס:

216· דורך וואָס ווערט געוויינטלעך אויסגעדריקט די זאַכבאַשטימונג ? וואָסער זאַכבאַשטימונג שטימט מיטן וואָרט, צו וועלכן עס באַציט זיך, אין צאָל, מין און פאַל ? טראַכט צו אַזוינע זאַצן, וואָס זאָלן האָבן זאַכבאַשטימונגען, וועלכע שטימען ניט מיטן וואָרט, צו וועלכע זיי באַציען זיך. דורך וואָס ווערן אויסגעדריקט אַזוינע ניט מיטשטימענדיקע זאַכבאַשטימונגען ?

217. ווי בייט זיך דאָס בייוואָרט אין מערצאָל ? ווי בייט זיך די קורצע פאָרם פונם בייוואָרט ? וועלכע פאַלן האָבן ענלעכע ענדונגען ?

218. בייגט פאָלגנדיקע בייווערטער צוזאַמען מיט הויפטווערטער אין גאַנצע זאַצן (לויט די אָנווייזן צו די אויפגאַבעס 190 און 195).

די טייערע שוועסטער, אַ ווארילער יונג, דאָס דינע גלאָז, דער איידעלער חבר, אַ מיאוסער פסק, אַ ברוינע קו, אַ ליבעס קינד, דער קרומער שפיגל, דער ווילנער לערער.

219. אין וועלכע פאַלן באַקומט דאָס בייוואָרט מיטן אומבאַשטימטן אַרטיקל אַן אַנדער ענדונג אין פאַרגלייך מיט דעם זעלביקן פאַל צוזאַמען מיט דעם באַשטימטן אַרטיקל ? ווען איז דער „נון" פון דער ענדונג אין בייווערטער אַ לעבעדיקער ? ווען ווערט ער פאַרביטן דורך אַ „מ" ? וועלכע בייווערטער האָבן קיין ענדונג ניט ?

220· ווייזט אָן דעם פאַל, די צאָל און דעם מין, אין וועלכן עס שטייען די בייווערטער· אָנשטאָט דעם פרעגצייכן שטעלט אַוועק, וואו מען באַדאַרף, אַן „ע".

גיסט אָן די כוסות פול מיט וויין לכבוד דער הייליקער תורהלע (פ· ליד). אַ שעפס, ס'ווייזט אויס אַ גרויס?ן נאַשער, האָט זיך פאַרגלוסט אַ טרונק אַ קאַלט?ן וואַסער (ריוו.)· גיין ביל?ן אין דער וועלט אַריין איז פאַר אַ הונט אַן אייד?ל?ן ניט פיין (ריוו.)· אויף דעם הויכ?ן באַרג, אויף דעם גרינ?ם גראָז האָב איך קינדוויַיז שטום אָפגעטרוימט מיין גליק (ביאַל·)· איך האַלט דאָס קליינע מענטשעלע, איך שפיל זיך מיט דעם קליינ?ם מענטשעלע, איך בין גאָר אַליין אַ קליין מענט־

שעלע, שפרינג אין די אויגן ווי אַ קליין מענטשעלע! הכלל, דאָס קליינע מענט־
שעלע איז מיר נישט אַרויס פון זינען (מענדעלע). זיי האָבן נאָך מער אין מיר
אַרייַנגעשלאָגן דעם געדאַנק פון אַ קליין מענטשעיע (מענדעלע). איבער?ן פאַר־
שיט?ן וועג פון וואַלד גייט אַ געשטאַלט אַ ווייבעריש, אין אַ הויב אַ הויכער,
אין אַ טערקישער שאַל (פרץ). קומט דאָס פאָרפּאָלק אַ ביסל צו זיך, קוק?ן זיך
איבער, פירן מיט גרויס פרייד דעם ווייבעריש?ן וואונדערלעכ?ן גאַסט (פרץ). האָט אים
אָבער זיין ליבער נאָמען אַ זיס טעכטערל באַשערט (פרץ). און זע, ליבער, האַר־
ציקער גאָט, פאַר מיין ליבער, האַרציקער טאָכטער וועגן אַ זיווג אַ כשר?ן (פרץ)
ער האָט אַרויסגעגעבן אַ שטאַרק?ן און אַ לאַנג?ן פייַף (אַנסקי). מיט די ווייסע ברייַ־
טע פליגלען זייַנען די מלאכים געשוואומען אונטער?ן ברייַט?ן בלוי?ן הימל (ש. —
ע.). איך האָב אין איין אויגנבליק פאַרגעס?ן דעם שוואַרצ?ן כלב מיטן שרעקלעכ?ן
לייב מיט די אָנגעלאָדענע ביקסן (ש. — ע.). ברייַנגע די קעכין... ווישט די הענט
אינם קויטיק?ן פאַרטעך, טוט אַ שמיר מיט דער פעטער האַנט איבער דער נאָז
און לאָזט איבער אַ שוואַרצ?ן צייכ?ן איבערן גאַנצ?ן פנים (ש.—ע.). די אָרימע
יידישע קרעמלעך פאַרמאַכט, פאַרשלאָסן מיט שווערע אַלטמאָדישע שלעסער (סעג).
זי ליבט ניט דעם טאַטען דעם פרומ?ן (סעג.). ער איז אומגעקומען אין פריי?ן
פעלד פון פראָסט אָדער פון הונגעריקע וועלף (ווייס). פון א הויכן פענסטער
דרינגט אַ ליכטל אַרויס (וואַרש.).

### ליטע

עס האָט מיך געפאַנגען דער אומעט, וואָס שוועבט אויף די טונקעלע פעלדער
און רוט אויף די איינזאַמע ביימלעך, וואָס שטייען צעוואָרפן אויף זיי;
דער בלויער פאַרטרויערטער הימל, וואָס קוקט א פאַרוויינטער אַרונטער
דורך ווייסלעכע זיידענע נעפל?ן, דערפילט מיט אַ צערטלעכ?ן וויי;
די ראָזע און שטילע פאַרנאַכט?ן, וואָס שטאַרב?ן ווי עלנטע קינדער;
די נעכט, וועלכע באָדן זיך שטיל אין אַ בלאַס?ן, א קרענקלעכ?ן שיין;
די מאָרגנס, וואָס וועקן זיך אויף ווי א שמייכל אויף גוססע ליפּן;
די טעג, וואָס ערשיינען פאַרהילט, ווי זיי וואָלטן זיך שעמען צו זיין.
די שמאָלינקע טייכלעך, וואָס בלאָנדזשען פון אונטער די ברוגזע ווערבעס;
די לאָנקעס, אויף וועלכע עס שפּראָצן זיך אָרימע בלימעלעך שטיל;
די קליינע בעריאָזעווע וועלדלעך אויף ברייטע אומענדלעכע שטרעקעס,
ווי איינציקע ליכטיקע טרוימ?ן אין תהום פון א שוואַרצ?ן געפיל (איינהאָרן).

# V. דאס צאלווארט.

### דערקלערונג.

1. איינס און צוויי
און דריי און פיר,
וואָס מיר זייַנען
זייַנען מיר.
כאָטש מיר זייַנען
יונג און קליין,
ווי די העלדן
דאַרף מען גייַן.

פינף און זעקס
און זיבן, אַכט,
ניט געוויינט
און ניט געלאַכט.
ניט געשטאַנען,
נאָר ניט שטיין,
ניט געלאָפן,
גייַן! נאָר גייַן!

ניין און צען
און עלף און צוועלף,
טרעפסט א פויער,
זאָג: גאָט העלף!
טרעפסט אַ פויגל,
זאָג אים: פליי!
טרעפסט אַ בלימל,
זאָג אים: בליי!
(קאַצנעלסאָן).

2. הער נאָר צו, דו אַלטער מאַן:
וואָס טויג דיר צען ווייבעלעך?

די ערשטע קערט מיר דאָס שטיבעלע אויס.
די צווייטע וואַרפט דאָס מיסט אַרויס.
די דריטע הייצט דעם אויוון איין.
די פערטע שטעלט אַ טעפּעלע אריין.
די פינפטע פילט א שטיקעלע פיש.
די זעקסטע גרייט דעם מאַן צום טיש.
די זיבעטע גייט אין קעלער אַריין.
די אכטע צאַפּט אָן מעד און וויין.
די נײַנטע גיסט אין פלעשל אַרײַן.
די צענטע ברענגט פאַרן מאַן דעם וויין.

## אויספיר § 44.

דער נאָמען פון אַ צאָל הייסט צאָלוואָרט. דאָס צאָלוואָרט קען אָנווײַזן די צאָל פון די זאַכן, זי קען אויך אָנווײַזן דעם סדר פון די זאַכן אין אַ גאַנצער ריי. דעריבער ווערן די צאָלווערטער אײַנגעטיילט אין יסוד־צאָלן און סדר־צאָלן: די יסוד־צאָלן ענטפערן אויף דער פראַגע ווי פיל? די סדר־צאָלן—אויף דער פראַגע: ווי פילסטער? וועלכער?

## אויפגאַבעס.

221. מיט וואָסערן אַרטיקל באַנוצט מען די סדר־צאָלן? פאַרוואָס דוקא מיט דעם?

222. שטרייכלט אונטער די יסוד־צאָלן מיט איין שטריכל און די סדר־צאָלן מיט צוויי.

עס האָבן צוויי ברידער גזלנים געלעבט אין פינסטערן וואַלד אין די הײלן; איינער פון זיי איז אַ יונגער געווען, דער צווייטער—אַן אַלטער, אַ בלינדער (מ׳ ל׳). דער פינפטער פרילינג גייט איר שוין אַנטקעגן פון דער ווייט (נייד׳). פירט מען מיך אַריין אין דעם צווייטן חדר, גיט מען מיר ז׳אָס ביקסעלע אויף פינף יאָר כסדר. אַז אָך און אַז ווי איז צו מיינע יאָרן, אַז איך בין אַלט געוואָרן איין און צוואַנציק יאָר (פ׳ ליד). ערשטער מלאך פון דער נאַכט, וואָס האָסטו מיין קינד געבראַכט? (מ׳ ל׳). אַ שיפעלע באַווייזט זיך נאָנט. צוויי שיפערס זיצן דאָרט. דער ערשטער וואַרפט דעם נעץ אַרויס, דער צווייטער רודערט שטיל (סעג׳). אַז צוויי זאָגן שיכור, דאַרף זיך דער דריטער לייגן שלאָפן (שפר׳). איידער מען ווערט זיבעציק יאָר קומט אַלץ פאַר די אויגן (שפר.). איין מאַמע קען צען קינדער צופרידן שטעלן, אָבער צען קינדער ניט איין מאַמע (שפר.). וואו זעקס ווערן זאַט, האָט דער זיבעטער גענוג (שפר.). עס גייען ביי מיר צום טיש צוועלף, וועט זיין אַ דרייצנטער (ש׳־ע׳). יאַנקעלע און בערעלע, צוויי ברידערלעך, דער ערשטער פערצן יאָר אַלט, דער צווייטער — זעכצן, — לערנען שוין באַלד דריי חדשים אין דער ישיבה, וואָס געפינט זיך אין דער גרויסער שטאָט, פינף מייל פון זייער געבורט־שטעטל (ר). הײַנטיקע מחותנים! צייל אָפּ נדן איס כאָטש דריי הונדערט קאָרבן (מרד.). איך צייל: אַ קערבל מיט דריי צוואַנציקער, מיט פיר גילדן, מיט פינף גריוונעס, מיט זעקס פּיטאַקלעך, וויפיל מאַכט דאָס אינאיינעם? (ש׳־ע׳). זאָס וואָרט „טשאָרט״ ווערט איבערגעחזרט אפשר הונדערט מאָל (ש׳־ע׳). ער וועט שיקן צוואַנציק דאָלאַר (ש׳־ע׳). די זיבן גוטע יאָר זיינען אַוועק (פרץ). זיי ביידע אַרבעטן אין איין וואַרשטאַט און פאַרדינען צו פופצן דאָלאַר אַ וואָך (אַש). אַזוי טראַכטן די דריי שיינע קעפּלעך און קוקן שוין אַרויס, אַז ביים טאַטען זאָלן זיך שוין אָנקלייבן אַ סך, אַ סך שאַכטלען און ער זאָל זיי געמען אַלע אויפן קאָפּ און

איןביידע העַנט — אפשר טויזנט שאַכטלען — און זאָל מיט זיי אַרויסגיין אין מאַרק אַריין (ש״ע)· אפשר צען טויזנט שטיק באַגאַזש און אפשר מער (ש״ע)· צען יאָר זיינען אַוועק, דער עלפטער איז געקומען (פ׳ ליד)· איינער האָט דאָס אויף דער לונג, דער צווייטער—אויף דער צונג (שפר׳)·

223. די פאָלגנדיקע צאָלן מאַכט איבער אין סדר־צאָלן און ווייזט אָן, וועלכע ענדונג עס באַקומען די סדר־צאָלן·

14, 16, 19, 21, 30, 70, 100, 1000, 200, 283, 791, 1013.

224· וועלכע סדר־צאָלן בילדן זיך ניט לויטן כלל.

225· טרעפט פאָלגנדיקע רעטענישן:

א) ווער קומט שטענדיק צום ערשטן אין שול? (פרט).

ב) וויפיל בייגל קען מען אויפעסן אויפן ניכטערן האַרצן? (פרט)·

ג) וואָס ווערט אַ באָק נאָך זיבן יאָר? (פרט)·

ד) צוויי שטייען צוזאַמען: אַז ס׳מישט זיך אריין אַ דריטער, ווערט דער פערטער אין כעס· וואָס איז דאס? (פרט).

ה) מ׳האָט אָנגעצונדן זיבן ליכט· דריי האָט מען גלייך פאַרלאָשן. וויפיל זיינען געבליבן? (גר. ביים.).

ו) אין וועלכן חודש שניידט מען היי? (גר. ביים.).

# VI· דער פאַרנאָמען·

דערקלערונג·

1· טאַנצן וויל מיין מיידעלע!
אינם פיינעם קליידעלע
טאַנצט עס מיט געפיל (פרץ)·

ווען די קינדער אַרבעטן, איז זיי דאַמאָלסט פריילעך.
יידישע קינדער, לויפט זשע געשווינדער; ס׳רופט אַייך דאָס פעלד.

אַ שיפעלע באַווייזט זיך נאָנט· צוויי שיפערס זיצן דאָרט· זיי קוקן שטאַרק אין טייך אַריין (סעג.)· איז דאָס געווען אַן אַנדער ייד — דיין קרובי דיין מחותן — כ׳קען קיינעם ניט דערמאָנען איצט צום גוטן (ריוו)· טו ווי דער הימל, דער טייך און די ווערבעס: איטלעכער חלומט זיין טרוים אין דער שטיל (יהואש). עס האָט ווער געעפנט די אוצרות פון שנייען ביינאַכט (ט.)

נאָר די מאַמע — זי איז איינע,
מער ניט איינע אויף דער וועלט·
דאָס איז דאָך אַ גאָטס מתנה,
ווען מען עס איז נאָר באַשערט (אייג.)·

2. זיינען שוין גויים מיט שליטנס געפאָרן אין שטאָט. האָבן די גוים געפונען דעם אידן פאַרוויייט· האָבן די גויים געפונען דעם אידן שוין טויט. האָבן די גויים אַרום זיך דעם טויטן צעשטעלט· האָבן זיין פעקל צעעפנט... האָבן די גויים זיין טלית ותפילין באַטראַכט (מ.ל.)· די נאַכט וואָלט רוען אויף איר געלעגער, די נאַכט וואָלט שלאָפן אין שטרענגען טרויער (בייד.).

**אויספיר** § 45.

פאַראַן אַ באַזונדערער קלאַס ווערטער און ווערטלעך, וואָס זייער באַטייט באַשטייט דערין, צו פאַרבייטן אַ לענגערן אויסדרוק· זיי ווערן געשטעלט, כדי זיך אויסצודריקן קירצער, כדי צו פאַרמיידן איבער־חזרונגען· זיי פאַרבייטן אַ נאָמען אָדער אַ ריי נעמען פון זאַכן, זיי ווערן אויך געשטעלט אנשטאַט ביוואָר־

טער און אָנשטאָט צאָלוועָרטער. אָט אַזוינע ווערטער הייסן פאָרנעמען.

מיט פאָרנעמען האָבן מיר שוין געהאַט צו טאָן; די ווערטלעך: איך, דו, ער, זי א. אז. וו. וואָס וויזן אָן אויף דער פּערזאָן, זייגען דאָך פאָרנעמען (פאַרוואָס?). זיי רופט מען פּערזענלעכע פאָרנעמען. א חוץ זיי זיינען פאַראַן נאָך אַנדערע מינים פאָרנעמען.

## אויפגאַבעס.

226. אנשטאט די פאָרנעמען שרייבט אויף דאָס, וואָס זיי פאַרבייטן.

נאָר אויפן טורים דער וועכטער וואַכט: ער הערט (פרץ). נאָר דער מענטש קוקט אָן דעם יידי, און דער מענטש פאַרשטייט אים ניט (דודל). נאטקע — האָט ער א קאַפּאטקע... ער טראָגט זי פון דער חופה אָן (מרד.). א, דאָס לייכט דער אַלטער גלויבן; ער באַגלייט אונז אומעטום (ר.). און ליב איז דער טאַטע און ליב איז די מאַמע, און הייליק איז זייערס א וואָרט (אר.). צוויי יונגע טויבן וואוינען דאָרט, זיי וואָרקען, האַלזן זיך (פרוג). האָסט אַ גרויסן גאָט אין הימל, ימען שפּאַלט ער מיט זיין האַנט (ביאַל.). די פייגעלעך פאַרמאַכן די אייגעלעך, זיי זיצן אויף די צווייגן און שווייגן (ריוו.). ס'בליצט אין זון אַ ברייטע לוזשע, שטראַלן ברעקלען זיך אין איר (נייד.). דאָן שלאָפן שוין מער ניט די שוואַנען — עס פאַלט אָן א פחד אויף זיי (סעג.). און גלייך זי וואָלט זיך פאַרן ים דערשראָקן, באַהאַלט זיך אונטערן וואָלקן די זון (פרץ). קומט אַריין אין צימער מענדעלע באַרים און אַ חברה יונגוואַרג באַלד אַריין נאָך אים (קוו.). אַ קראָע איז געשעען אַ נס, גאָט האָט איר צוגעשיקט אַ שטיקל קעז (ריוו.). אַלע רימען זיך מיטן אמת און קיינער האָט אים ניט (שפּר.). פון הימל איז אַראָפּ אַ גזירה אויף אַלע חיות: ס'האָט דער בורא געשיקט אויף זיי אַ שרעקלעכע מגיפה (ריוו.). זעט די פרוי די נויט און פיינקלעמט איר שטאַרק אין האַרצן איין. וויל זי לינדערן די נויט, טיילט זי פּרוכטן, טיילט זי ברויט. כאַפּן מענטשן און זיי ווילן מיט דערמיט דעם הונגער שטילן (דודל). ביין עמוד שטעלט די פרומע חנה־לאה זיבן וואַקס־ליכט אין איין רייע, זיבן ליכט פאַר זיבן קינדער, און עס זאָל פון זיי ניט מינדער, חס וחלילה, קיינער ווערן (יהואש).

שטייט אין פעלד אַ ביימעלע,
האָט עס גרינע צווייגעלעך,
זיצט דערויף אַ פייגעלע,
מאַכט עס צו די אייגעלעך (פרץ).
דער סערפּ איז פון שטאָל, די סאָכע — פון אייזן,
קיין צירונג קיין גרויסע זיינען זיי ניט;
אין זיי אָבער ליגט אונזער קראַפט, אונזער לעבן,
אָן זיי איז אוממעגלעך איין איינציקער טריט (פרוג).

227. ווי מיינט איר, זיי ווערן געבויגט די פּערזענלעכע פאָרנעמען? ווען ווערן זיי געשטעלט אין דריטן פאַל? אין פערטן פאַל? (אויפן סמך פון דעם מאַטעריאַל אין דער אויפגאַבע 226).

228. שטרייכלט אונטער די פאָרנעמען.

שלאָף, מיין קינד, מיין טרייסט, מיין שיינער...
ביי דיין וויגל זיצט דיין מאַמע,
זינגט אַ ליד און וויינט;
וועסט אַמאָל פאַרשטיין מסתמא,
וואָס זי האָט געמיינט (ש"ע).

און מקנא איז אים יעדער (סעג.). עס לויפט דער פּורים־יעגער, דער שלח־מנות־טרעגער. ער האַלט אַ טעלערל אין האַנט. איך שריי אים (פרוג). פייטלען איז שוין הייס, עס גיסט פון אים אַ מוראָדיקער שוויס (ריוו.), ער האָט געדינט זיין פּאָלק, זיין לאַנד (פרץ). דער וועכטער האָט דאָן זיינס געטאָן (פרץ) פאַר

אונז איז אַלץ פאַרפאַלן (סעג.)· איך בעט דעם זולק מיר דערפאַר, ווייל איך בין אייער פּאָר (ריוו.)· ס'האָט עמעץ באַזילבערט די ערד ביידערנאַכט (טייטש)· עפּעס נעצט דאָרט, עפּעס פּלאַצט דאָרט, עפּעס שפּאַרט דאָרט אין די זייטן (ביאַל.)· ס'ליגט ווי אויסגעגאָסן איטלעכס פּיצעלע באַזונדער (מרדי.)· עס גיסט זיך ליכט אויף יעדן וועג (סעג.). עפּעס אַ פּוילקייט אַ זיסע פּילט אָן יעדן גליד (מ.ל.). און דו מערב־ווינט געטרייער, טרייב מיין שיף צו יענעם ברעג (ביאַל.). די לעצטע בלום וועלקט אויף איר שטאַם (יהואש)· און יעדער טאָן פון ליד זאָגט אָן: די זון איז אויפגעגאַנגען! (ר.). איך האָב אַ האַרץ, וואָס קרענקט פאַר יענעם, וואָס ווערט פאַרברענט פון יעדנס גיהנם (ביאַל.). וואָס וועלן מיר טרינקען אויף דער סעודהניו? ווער וועט אונז תורה זאָגן אויף דער סעודהניו? (פּ. ליד.)· וואָס דער טויבער דערהערט ניט, דאָס טראַכט ער זיך אויס (שפּר.)· וואָס מען רעדט בייטאָג דאָס חלומט זיך ביינאַכט (שפּר.)· ווער עס ליגט אויפן אויוון, דער קריגט ניט קיין בייגל (שפּר.)· ווער עס רופט זיך אָן, דער קריגט ניט (שפּר.)· ווער זינגט עס דאָרט אויף יענעם ברעג? (סעג.)· מיר אָבער זיינען נאָך קינדערלעך קליין. אונז פּאַסט נאָך זיין פריילעך און טאַנצן צו גיין (פּיכ.)·

229· רעכנט אויס אַ צען פאַרנעמען, וואָס זאָלן אָבער ניט זיין קיין פּער־זענלעכע, ווייזט אָן וועלכע פאַרנעמען פאַרבייטן אַ אומבאַשטימטע צאָל זאַכן, אָדער ווייזן אָן בכלל אויף אַן אומבאַשטימטער זאַך אָדער טוּאונג? וועלכע פאַר־נעמען ווערן באַנוצט ביים אָנווייזן אויף עפּעס אַ זאַך בשעת איר העלפט זיך אונטער מיט די פינגער אָדער מיט די אויגן? וועלכע פאַרנעמען ווייזן אָן אויף דער צוגעהעריקייט פון איין זאַך צו דער צווייטער? (נוצט אויס דעם מאַטעריאַל פון דער פריערדיקער אויפגאַבע).

230· צי קען אַ פאַרנאַמען זיין אַ זאַכוואָרט? צי קען אַ פאַרנאָמען זיין אַ זאַכבאַשטימונג? ביישפּילן!

# VII. דאָס צייטוואָרט·

## א· אופנים פון צייטוואָרט· באַשטימטער און אומבאַ־שטימטער אופן·

ד ע ר ק ל ע ר ו נ ג.

1. ש ר ײ ב ן. א י ך ש ר ײ ב. ע ר ה אָ ט ג ע ש ר י ב ן· ז ײ װ ע ל ן ש ר ײ ב ן. ש ר ײ ב ט! װ אָ ל ט ע ר ג ע ש ר י ב ן·

אויפן פריפּעטשאָק ב ר ע נ ט אַ פייערל און אין שטוב איז ה ײ ס, און דער רבי ל ע ר נ ט קליינע קינדערלעך, דעם אַלף־בית· ז ע ט־ז ש ע, קינדערלעך ג ע ד ע נ ק ט ז ש ע, טייערע, וואָס איר ל ע ר נ ט דאָ, ז אָ ג ט־ז ש ע נאָכאַמאָל און טאַקע נאָכאַמאָל קמץ אלף — אָ (וואַרש.)· איך ו ו אָ ל ט ג ע װ אָ ל ט שוין װ י ס ן צי א י ז ע ר מיין באַשערטער (פּ. ליד)· ו ו אָ ל ט א י ך זעער ט אַ נ צ ן ו ו ע ל ן, ק ע ן איך דאָך קיין פוס ניט ש ט ע ל ן, ליבע שוועסטער, ט אַ נ ץ מיט מיר (ר.) עס איז צו ו ו י י נ ע ן און צו ק ל אָ ג ן··· ג ײ, נ ע ם כאַטש ודוי ז אָ ג ן (ריוו.)·

נאָר דערווײלע ל אָ מ י ר ה אָ פ ן,
אוי, וואָס ק ע ן מען ט אָ ן?
כ'וו אָ ל ט שוין לאַנג צו אים ג ע ט ר אָ פ ן,
װ ײ ס איך ניט וואוהין (ש.־ע.)·

2· אַ גלעזעלע ווײַן אום יום־טוב צו ט ר י נ ק ע ן איז בעסער ווי צ ו ל י י ג ן א לאַטע (פּ· ליד)· די גאָלדענע קרוין האָט זי צ ו ג ע נ ו מ ע ן (פּ· ליד)· ל אָ מ י ר צ ו ב י י ס ן און מאַכן „לחיים" (פּ· ליד).

3. — וואו ש ט ײ ס ט ו ?
— אויפן גאַס·
— וואָס ט ר י נ ק ס ט ו ?
— עפּלקוואַס·
— וואָס ע ס ט ו ?
— בייגעלעך.
— וואָס כ אַ פּ ס ט ו ?
— פייגעלעך (פּ· ליד)·

## א ו י ס פ י ר § 46.

דערמאָנענדיק א נאָמען פון אַ טואונג, קענען מיר גלײַכצײַטיק זיך באַציִען אויף פאַרשיידענע אופנים צו אָט דער טואונג: א) מיר קענען סתם אָנרופן דעם נאָמען פון דער טואונג און נישט אָנווײַזן מער גאָר־נישט; ב) מיר קענען אָבער אויך תיכּף באַשטימען, ווען די טואונג קומט פאָר (ד· ה· אַוועקשטעלן אין אַ געוויסער צייט) און אָנווײַזן, ווער פירט אויס די טואונג (די פּערזאָן, די צאָל); ג) מיר קענען אויך אַרויסזאָגן אונזער וואונטש, אונזער פאַרלאַנג אָדער באַפעל די טואונג זאָל פאָרקומען; ד) מיר קענען אויך אַרויסזאָגן אונזער סברה, אונזער מיין, ווי וואָלט עס געווען אָדער וואָס וואָלט געווען, אויב די טואונג וואָלט פאָרגעקומען (וואָלט איך!).

ווייל דאָס צייטוואָרט ווײַזט אָן ניט נאָר די טואונג, נאָר אויך אונזער באַציאונג צו דער טואונג, האט עס דעריבער פ י ר א ו פ נ י ם: ד ע ם א ו מ ב אַ ש ט י מ ט ן א ו פ ן, ד ע ם ב אַ ש ט י מ ט ן א ו פ ן, ד ע ם ב אַ פ ע ל ־ א ו פ ן א ו ן ד ע ם ת נ א י ־ א ו פ ן·

דער אומבאַשטימטער אופן טרעפט זיך זעער אָפט מיט דעם ווערטל „צ ו" פאַר אים· דאָס דאָזיקע ווערטל ווערט געשריבן באַזונדער, אָפּגעטיילט פון דעם צייטוואָרט און דעם אומבאַשטימטן אופן·

## א ו י פ ג א ב ע ם.

231. פאַרוואָס הייסט דער אומבאַשטימטער אופן—אומבאַשטימטער?

232· צי דאַרף מען דאָ שרייבן „צו" באַזונדער? וואו איז דאָ דער אומבאַשטימטער אופן און נאָך וועלכע צייטווערטער קומט ער דאָ?

מען דאַרף ניט האָרען און ניט ריידן, מען קען שפּאַצירן איבער וועלדער און פעלדער (ריזו). קאָנסט נאָר כאַפּן אַ פאַרקילונג (ביאַלי)· לאָזן די מאַשינדעלעך טאָרן מיר נישט, נײַן, און מיט דיר אין וועלדעלע קאָנען מיר נישט גיין (הורוו). [אַ תלמוד־תורה] דאָס איז אַ קבר אויף צו־באַגראָבן אָרימע יידישע קינדער, צו־פאַרשלאָגן זיי די קעפּ און אָפּצו־רייסן פון זיער וועלט (מענדעלע). דער רבי האָט זיך אַרומגעדרייט מיטן קאַנטשיק אין דער הענט און האָט אַכטונג געגעבן, אַז מען זאָל נישט אַרויסקוקן פון דער גמרא ארויס... און דאָ גיט מען אים אַ פּאַפּיר מיט א בלײַשטיפט און מען הייסט אים באַלאָמוטשען און מענטשעלעך מאַכן (אַש)· וואָס טויג דיר מעשׂיות מיר דערציילן און יעדע לעפּעלע צו־ציילן? (ריזו.). ער האָט אָנגעהויבן שטאַרקער ווי פריער צו־הוסטן, צו־שפּײַען מיט בלוט [מענדעלע]. דער טוי פון הימל וועט מיך צו־דעקן [פאָלקס־ליד]· צו־האָסטו נאָך וואָס פון יום־טוב צו־פאַרבייסן? (פּ· ליד)· דאָס שנירל קרעלן האָט זי צו־גענומען (פּ· ליד). אַ שניידער צו־זיין איז גאָר אויס די וועלט (פּ· ליד)· ער האָט מיר צו־געזאָגט צו נעמען (פּ· ליד)· משיח וועט קומען צו־פאָרן, וועלן מיר האָבן גוטע יאָרן, משיח וועט קומען צו־רייטן, וועלן מיר האָבן גוטע צייטן (פּ. ליד)· ענגלאַנד איז צו־געשלאָסן (פּ. ליד)· און אַ ווינט האָט צו־געבלאָזן (ר·). כ'האָב פיינט, אַז יעגער לאָזט זיך בעטן, שטאַרק איינריידן און גלעטן (ריזו.)· ר· וועלוול האָט געוואָלט צו־שעפּסן זיך פאַרקלײַבן, מיט זיי די צייט אַ ביסל צו־

פאַרטרײַבן (ריוו.). קען מען אַנדערש ניט זײַן אַ קליין מענטשעלע, סיידן טאָקע מען מוז פריער אויפהערן צו־דענקען און צו־פילן (מענדעלע). וואָס האָסטו אַזוי האָלט בשתיקה גנבענען די הינער? (ריוו.). ער דאַרף דאָרט ישבענען אַ גאַנצן ווינטער (ריוו.). רייזעלע האָט זיך אַראָפּגעכאַפּט פון בעטל, צו־געגאַנגען צום פענ־סטער (ר.). האָט ער אים גענומען פאַר אַן אויער און צו־געפירט צו־דער טיר (ש.—ע.). זי האָט זיך צו־געטשעפּעט צו־דער מאַמען (ש.—ע.). ס׳איז אַ שטוב, וואָס יעדער האָט אַ צו־נעמעניש (ש.־ע.). איך וועל אייך ווייזן ווי צו־לצעווען פון אַ יתום! (ש.—ע.). אַז מען האָט געלט, האָט מען דאָ אַזוי צו־טראַכטן, צו־זאָרגן און צו־מאכן אַן ערנסט פּנים? (מענדעלע). דער עולם איז פון אַלע קלייזלען אים גע־לאָפן הערן, דערנאָך געגאַנגען הערן (מענדעלע). איר דאַרפט זיך זעצן אַנטקעגן באָק (ריוו.). און הייבט אָן צו־פייפן מיט דער נאָז (ריוו.). די מעגסט מיר גלויבן (ריוו.). הייבט דאָס מיידל אָן צו־פאַרשטיין (פּרץ). איך בין צו־אים צו־געגאַנגען (ר.). איך האָב ליב געהאַט צו־ציילן און דווקא אויף אַ קול (ש.—ע.). לבן האָט זיך צו־געהערט צום קראַצן (סט.). דעם פערדל דאַרט אין יענעם וואָגן איז נמאס גע־וואָרן צו־שטיין אַ לאַנגע צייט אויף איין אָרט. גאַרניט צו־טאָן... איז דאָס זיך מישב אָפּצו־שטעקן אַ וויזיט אַ פּאָר אייגעשפּאַנטע אָקסלעך (מענדעלע).

צו וואָס שטייט זי אונטער אַ ביימעלע?
בלעטעלעך צו־רייסן!
צו וואָס טויגן איר בלעטעלעך?
קיעלעך צו שמייסן.
צו וואָס טויגן איר קיעלעך?
מילך אָפּ צו־מעלקן.
צו וואָס טויג איר מילך?
קינדערלעך צו־געבן.
צו וואָס טויגן איר קינדערלעך?
אַ נחת צו דערלעבן! (פ. ליד).

233. אויף וואָס ענדיקט זיך דער אומבאַשטימטער אופן? נאָך וועלכע צײַט־ווערטער שטייט דער אומבאַשטימטער אופן אָן „צו“? ווען ווערט אַרייננעשטעלט דאָס ווערטל „צו“ אין מיטן וואָרט? פון וועלכע צוויי טיילן באַשטייט די קומענדי־קע צייט פון דעם באַשטימטן אופן? וואָסער זאַצגליד איז דאָס רוב דער אומבאַ־שטימטער אופן? (אויפן סמך פון דער אויפגאַבע 232).

234. מען דאַרף דאָ צונויפשמעלצן דאָס ווערטל „דו“ מיט דעם צייטוואָרט.
אין אויוון [שטייסט דו], אין מויל [צעגייסט דו], ווי [הייסט דו]? (פּרץ). האָרעווע, מיידעלע, [ווערסט דו] האָבן אַ קליידעלע (שפּר.). וואָס [גלאָצט דו] אויף מיר מיט די אויגן ווי אַ קאָטער? וואָס [זיצט דו] צונויפגעלייגט די הענט ווי אַ שטאָטבאַלעבאָס? (ש.—ע.). וואָס [דרייסט דו] זיך אַרום? פאַרוואָס [שלאָפסט דו] ניט? (י. ר.). אַליין [ביסט דו] אויף צרות און טויגן [טויגסט דו] אויף כפּרות (מרד.). קוק אַראָפּ, [ווערסט דו] וויסן ווי הויך דו שטייסט (שפּר.) וואָס [טראַכטסט דו], פאַרפרעמדטע, צי [שפּאָטסט דו] פון גלות? צי [פילסט דו] זיי מיט, די געבוי־גענע קנעכט? צי [טרוימסט דו] אויפסניי דיינע שיינע חלומות? (סעג.). וואָס [ווערסט דו] טאָן אין אַזאַ ווייטן וועג? (פ. ליד). [געדיינקסט דו] דאָס שענע לידל? (פ. ליד.) וואָס [טוסט דו]? הועמען [שלאָגסט דו]? (ש.—ע.).

---

## ב. דער באַפעל־אופן און דער תנאי־אופן.

**דערקלערונג.**

1. אַך, גאָט פון אַברהם,
פון יצחק, פון יעקב!
פאַרנעם דאָך מײַן תפילה
אין הימל געצעלט,
און שיק מיר פרנסה,
און ריכט אויף מיין מזל,
און ליכטיק זאָל ווערן
מײַן פינסטערע וועלט (אד.).

טאָ לויבט זשע און זינגט דער מי און דער אַרבעט!
זיגט, גריסט זי פון האַרצן מיט ליבשאַפט און היײַס!
געזונט זאָלן זײַן די הענט מיט די מאַזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שווײַס! (פרוג).

2. וואָלט איך געווען אַ רב,
קען איך ניט קיין תורה.
וואָלט איך געווען אַ סוחר,
האָב איך ניט קיין סחורה.
וואָלט איך געווען אַ שוחט,
האָב איך ניט קיין חלף.
וואָלט איך געווען אַ מלמד,
קען איך ניט קיין אַלף (פ. ליד).

זײַן וואָרט וואָלט זײַן אַ בריק, וואָלט איך מורא געהאַט אַריבערצוגײַן (שפר.). אַ קאַץ זאָל האָבן פליגל, וואָלט זי אַלע פײַגע־לעך אין דער לופט אויסגעוואָרגן (שפר.).

**אויספיר: § 47.**

דער באַפעל־אופן און דער תנאי־אופן האָבן ניט קיין באַזונדערע פאָרמען פאַר פאַרשיידענע צייטן. דער באַפעל־אופן האָט פשוטע און צונויפגעזעצטע פאָרמען. דער תנאי־אופן האָט צוויי פאָרמען מיט דעם זעלביקן באַטייט, און ביידע זיינען זיי צונויפגעזעצטע.

**אויפגאַבעס:**

235. שטעלט צונויף אַ פולע רשימה פון אַלע פאָרמען, וואָס עס פאַרמאָגט דאָס צייטוואָרט „שרייבן" אין באַפעל־אופן. פאַרגלייכט זיי מיט דעם זעלביקן צייטוואָרט אין דער איצטיקער צייט. פאַרוואָס איז ניטאָ קיין פאָרם פאַר דער ערשטער פערזאָן אין איינצאָל? וועלכע הויפטווערטער בילדן די צונויפגעזעצטע פאָרמען פון באַפעל־אופן?

236. שטעלט איבער די צייטווערטער אין אַנדערע פערזאָנען און צאָלן.

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
פריי באַהערשט די וועלט;
ברעכט די צווײַגן, וואַרפט די ביימער,
טוט וואָס אייך געפעלט.

טרייבט די פײַגל פון די וועלדער
און פאַריאָגט זיי פאָרט.

די, וואָס קענען ווייט ניט פליען,
מוזט זיי אויפן אָרט.

ווייסט די לאָדן פון די הייזלעך,
שויבן ברעכט אַרויס!
ברענט א ליכטל ערגעץ טונקל —
לעשט מיט צאָרן אויס!

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
איצט איז אייער צייט;
לאַנג וועט דויערן דער ווינטער
זומער איז נאָך ווייט. (א. רייזען).

העט און זע, קוק און שוויג (שפר). בוי, ווער האָט דיך צו? פאָר! לויף! פלי! (ש.־ע.). לויף ניט, שפרינג ניט, גיי ווי אַ מענטש (ש.־ע.). גרונם! זעט, עס איז דערוויילע נאָך ניט שפעט, ניט זייט ביי זיך געגאַרט! פאַרריכט די ברעט, ניט וואַרט! (ריוו.). זאָלסט אונז טאַקע ווייטער בענטשן מיט הצלחה און מיט ברויט. לאָזן אונזערע קינדער וויסן פון אַ לעבן אויף דער וועלט (וואַרש.). לייגט זיך פאַמעלעך אויף דרערד אַנידער, באַהאַלט דאָס פנים אין די גרעזער, האַלט איין דעם אָטעם! (אַש), און רייד ניט מער, נים וויין, ניט שריי, בייג־אָן דעם קאָפּ און הער פאַרשטומט (ביאַל.). ברענג מיך נאָר אַהין בשלום, נאָכדעם פלי זיך דיר צוריק, גריסן זאָלסטו אַלע ליבסטע און דערציייל זיי פון מיין גליק (ביאַל.).

237. שטעלט צונויף אַ רשימה פון אַלע פאָרמען, וואָס עס פאַרמאָגט דאָס צייטוואָרט „שרייבן” אין דעם תנאַי־אופן. וועלכע הילפצייטווערטער נעמען אנטייל אין בילדן די פאָרמען פון דעם תנאַי־אופן?

238. אינם § 16 ווערט געזאָגט, וואָס דאָס איז די בייגונג פון צייטווער־טער. ס׳איז אינגאַנצן ריכטיק דאָרטן? שטעלט צונויף אַ פולשטענדיקן לוח פון אַלע פאָרמען (אופנים, צייטן, פערזאָנען, צאָלן) פון פאָלגנדיקע צייטווערטער:
ריידן, לויפן, שיסן, הייצן.

239. ווייזט אָן דעם אופן און דערקלערט, פאַרוואָס ער ווערט דאָ באַנוצט.
לאָמיר שמועסן פאַרקערט, איך בין דען נאָר איין גנב אויף דער ערד? (ריוו.). אויב ס׳האָט דער שטראָם אַזאַ מין ווערט, ווען ער איז בלויז די גרייס אַ שפאַן, וואָלט זיין אַ גוטער פּלאַן אים מאַכן ברייטער מיט אַ צענדליק פוס (יהואש). ווען ס׳וואָלט ניט געווען מיין נאַר, וואָלט איך אייך געלאַכט (שפר.). דורכשלאָגן זאָלן זיך אייערע טרערן, גרינגער זאָל ווערן און פרייער זאָל ווערן (ביאַל.). עס קאָן זיי גאָרניט עסן קיינער, ווייל הייליק מאַכן זיי די ציינער (ריוו.). און טרעפט איך בעט אייך, אַדרבא, וואָס ס׳האָט פאַרוואָלט זיך מיט אַמאָל מיין זשאַבע? (ריוו.). אַלטער טרויער, ווער פאַרשוואונדן, לאָז מאָטש פרייליכער זיין איין נאַכט (ר.). איך וואָלט צוגעפאַלן צו דיין ערד, איך וואָלט אויסגעקושט איר יעדן פוס־טרעט, יעדעס שטיינדעלע באַזונדער (ביאַל.). אַ גליק, וואָס איך אַליין האָב מיך געהאַלטן אויף די פיס. איך האָב ניט געקענט קוקן קיינעם אין די אויגן אַריין. דער הונט זאָל ניט ליגן אין גאָרטן, וואָלט איך זיך אַראָפגעוואָרפן און געהרגעט פאַר בזיון. ערגער פאַר אַלץ איז מיר געווען דער מאַמעס טרערן. זי האָט ניט אויפגעהערט צו קלאָגן און צו יאָמערן און צו באַוויינען מיך (ש.־ע.). ער חזרט איבער מיט מיר נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל פון אָנהייב ביזן סוף און הייסט מיר, אַז איצט זאָל איך שוין זאָגן אַליין. איך זאָג אַליין, אָבער עס גייט ניט. ער נעמט מיך אָן פאַרן אויער און זאָגט, אַז דער טאַטע זאָל אויפשטיין און זען, וואָס פאַר אַ זון ער האָט...—וואָלט איך פאַרשפאָרט זאָגן קדיש... אַזוי זאָג איך צו מיין ברו־דער אליהו און כאַפּ פון אים אַ געשמאַקן פאַטש (ש.־ע.). אין חדר גיי איך ניט,

לערנען לערן איך ניט, דאַווענען דאַוון איך ניט, זינגען זינג איך ניט — פּטור פון אַלצדינג. מיר איז גוט—איך בין אַ יתום (ש״ע). קיין פיש זאָלט איר ניט זוכן (ש״ע), אבי ער זאָל ניט זיין קיין שייגעץ (ש״ע). אַניט וואָלט איך דיר איבערגעבראָכן אַ האַנט מיט א פוס, מעגסט מיר גלויבן אויף נאמנות (ש״ע). וויפיל, מיינט איר, האָבן זיי שוין געכאַפּט פּעטש דערפאַר, זיי זאָלן ניט רופן קיין קאַץ מיט אַ מענטשלעכן נאָמען? (ש״ע), איך וואָלט אפשר, שווער איך אייַך, שוין מאַרגן זיך באַלד דערוואָרגן, ווען איר אַליין וואָלט אויך געווען אַזוי שיין (ריוו.), וואָלט איך אייך ווינטשן זען, ווי טריי זי האָט געדינט (ריוו.), לאָמיר אַלע אינאיינעם דעם התן מקבל־פּנים זיין (פּ. ליד). לאָמיר טרינקען נאָך, מיר האָבן אויסגעבעטן א גוטע וואָך (פּ. ליד). וואָלט זי האבן פערד־און־וואגן, וואלט זי צו אים לויפן; וואלט זי האבן אַ זעקעלע געלט, וואלט זי אים אפקויפן (פּ. ליד). מיינע רייד זאלסטו געדענקען (פּ. ליד), מע קערט איבער די שטוב נאך דעם מעסערל, פרעגט ער—וואו! וואסער מעסערל? גיי שוין! גיי וואַש זיך (ש״ע), וואס קלעטערסטו אויף בוידימס? (ש״ע).

און זאל ווי ווייט
נאך זיין די צייט
פון ליבע און פון שלום,—
דאך קומען וועט,
צי פרי, צי שפּעט
די צייט—עס איז קיין חלום! (ר.)

# ג. די צייטווערטער מיטן „ע״ פאַר די פּערזענלעכע ענדונגען.

ד ע ר ק ל ע ר ו נ ג.

א ו מ ב אַ ש ט י מ ט ע ר א ו פ ן.

קוויטש ע ן.

ב אַ ש ט י מ ט ע ר א ו פ ן.

א י צ ט י ק ע צ י י ט.

| | איינצאל. | מערצאל. |
| --- | --- | --- |
| 1־טע פּערזאָן: | איך קוויטש ע | מיר קוויטש ע ן. |
| 2־טע פּערזאָן: | דו קוויטש ע סט | איר קוויטש ע ט. |
| 3־טע פּערזאָן: | ער קוויטש ע ט | זיי קוויטש ע ן. |

פ אַ ר ג אַ נ ג ע נ ע צ י י ט.

| | איינצאל. | מערצאל. |
| --- | --- | --- |
| 1־טע פּערזאָן: | איך האָב געקוויטש ע ט | מיר האָבן געקוויטש ע ט. |
| | א. אַז. וו. | א. אַז. וו. |

ב אַ פ ע ל ־ א ו פ ן.

| | איינצאל. | מערצאל. |
| --- | --- | --- |
| 1־טע פּערזאָן: | — — — — — | לאָמיר קוויטש ע ן. |
| 2־טע פּערזאָן: | קוויטש ע | קוויטש ע ט. |
| 3־טע פּערזאָן: | זאָל ער קוויטש ע ן | זאָלן זיי קוויטש ע ן. |

## אויספיר § 48.

פאַרגלייַכן מיר די בייגונג פון צייַטוואָרט „קוויטשען" מיט דער בייגונג פונם צייַטוואָרט „שרייַבן" זעען מיר, אַז איצט האָבן מיר אַן ע אומעטום פאַר די פערזענלעכע ענדונגען אין דער איצטיקער צייַט און אין באַפעל אופן. דער דאָזיקער „ע" בלייַבט אויך נאָך דעם „ן" פון דעם אומבאַשטימטן אופן און אין צווייטן ניט בייגעוודיקן טייל פון דער פאַרגאַנגענער צייַט. אָט דער „ע" געהערט צום שטאַם און דעריבער בלייַבט ער אויך אין אַלע פאָרמען ביי דער בייגונג. די ערשטע פערזאָן איינצאָל פון דער איצטיקער צייט פאַלט צונויף מיט דעם שטאַם, בכן — ענדיקט זיך די ערשטע פערזאָן איינצאָל אין דער איצטיקער צייט אויף אַן „ע". האָבן מיר אים שוין אומעטום.

## אויפגאַבעס.

240. צי זיינען אפשר פאַראַן באַזונדערקייטן אין דער קומענדיקער צייט און אין תנאַי־אופן פון אַזוינע צייטווערטער ווי „קוויטשען"?

241. אין וועלכע פון די פאָלגנדיקע צייטווערטער ענדיקט זיך דער שטאַם אויף אַן „ע"?

סאָפען, ראַבעווען, שרייען, טוליען, דריידלען, קומען, ברענען, האָרעווען, זשאַלעווען, טריקענען, הרגענען, הוליען, דרייען, בלאָנדזשען, כראָפען, טרינקען, ברענגען, טובלען, גנבענען, קוליען, פסלען, קייען, שאַנעווען קלינגען, הודיען, דרשנען, כליפען, חתמענען, שדכנען, ציען לערנען, חלומען, סטאַרען, מעקען.

242. אַנשטאָט דעם פרעגצייכן שטעלט אַוועק, וואו מען באַדאַרף, אַן „ע".

ער הויק?ט ווי אַ הינטל, מיאַיק?ט ווי אַ קאַץ, מעק?ט ווי אַ קעלבעלע, מרוק?ט ווי אַ הון, (י. ר.). די וויסטע מוטער וויינט און קוואָק?ט ביטער (מרד.). עס פּאַד?ט אַרום די קלומבעס דער שומר (טייטש). טאַטע־מאַמע האָבן זיך צווישן זיך געשושק?ט (סט.). ווי אַזוי טראַסק?ט דאָס! (ש.—ע.). דאָס קינד שוויג?ט און כליפ?ט שטיל (פרץ). די פענסטער זיינען פאַרקאָוו?ט, באַדעק?ט מיט שניי (ש.—ע.). סקראָב?ט ער זיך צו צום פענסטער און קוק?ט אינדרויסן אַרויס (י. ר.). אייזיק הודי?ט אונטער, פאַרגרעסער?ט אַלץ דאָס פייער (מענדעלע). וואָס באַלעבאַטעוו?ט זי דאָ? (סט.). יינגלעך בלאָז?ן זיך, שעמ?ן זיך, קאַלופּ?ן די נאָז און שיס?ן פלוצים אַרויס אַ געלעכטער (מענדעלע). עס גלוסט זיך מיר לאַכ?ן, שריי?ן, קוויטש?ן (ש—ע.). מאָטל כראָפּ?ט, כאָרכ?ל?ט (ש.—ע.). זי טולי?ט אים צו זיך (ספּ.). משהלע האָט הירש?ל?ן געטראַש?ט (ספּ.). און חברה זינג?ט אַ רוסיש לידל, טאַנצ?ט און פּלעסק?ט צו מיט די הענט (ש.—ע.). די שטויק סקריפּ?ן ביי די ביימער, זיי רייס?ן זיך (אַש). פון די דעכער קאַפּ?ט, אין די ריטשקעס יאָג?ט עס, פּלייצ?ט און כליופּ?ט (נסתר). ער שמעק?ט, פּאַכ?ט מיט די נאָזלעכער, לאָזט אַרויס אַ ברומ?ן, סאָפּ?ט און דריג?ט מיט די פיס (מענדעלע). אין טיפן בלויז?ן הימ?ל בלישטש?ט די זון (ווייס). אַ ציג וויל מעק?ן, מעק?ט זי, און אַ שאָף וויל שוויג?ן, שוויג?ט זי (בערג.). פעסטעט אים—זאָגט זי צו דער מומען (בערג.). זיי טערעליק?ן, שנאָרכ?ן, פּליעסק?ן (מרד.) ווילדע געגז פּליעסק?ן זיך ערגעץ צווישן וויספּעס דאָ אין טייך. ווילדע קאַטשקעס דריי?ן זיך אַרום דעם טשערעט... שוועלבעלעך פלאַטער?ן, שוועב?ן אַהין, אַהער אין דער לופט, שטאַרק פאַרטאָן אין דעם בויז?ן, פאַרריכט?ן נייַע און אַלטע נעסטער... עס שפּרינג?ן, קוואַק?ן זשאַבעס (מענדעלע). די גאַנצע וועלט איז עפּעס ווי לעבעדיק געוואָר?ן און באַקומ?ן אַ פריילעך פּנים. אַ פרייד, אַ פאַרגעניג?ן צו הער?ן, צו זען, צו שמעק?ן די זיסע ריחות פון אַלע זייַטן (מענדעלע). נאָר קאָמאַר?ן, מיק?ן טראָג?ן ווי די ווילדע רוחות זיך אין דער לופט אַרום, פלי?ן טאַנצ?נדיק פאַרביי די אויער?ן, טו?ן אַ גריילץ, אַ זשוזשע, איינריימ?נדיק עפּעס אַ סוד... נאָר צווישן הוי, צווישן תבואות דאָרט שמוצער?ן די גרילן, זומזן, צימבל?ן און גיי?ן מיט די טאַצ?ן (מענדעלע). לאָמיר בעסער מאַכ?ן אַ כוסע! זיך מוטש?ן און זינג?ן לידער—פליעסק?ט, ברידער! (וואַרש.).

# VIII. דאָס אומשטאַנדוואָרט.

## דערקלערונג.

1. אַלע שוסטער גייען באָרוועס (שפּר.). אַמאָל איז געווען אַ מעשה (פּ. ליד). דאָס וויגעלע וויגט זיך אַהין און אַהער (פרוג). דערפאַר ברום איך (קאַצ.). דערצו טויג זי (פּ. ליד). עס הייבט זיך שטאַרק די יונגע ברוסט, די פרייד ווערט פריי געשעפּט (מ. ר.). פאַרוואונדערט וועט פרעגן דער אַלטער, דער וואַלד: וואָס טוען דאָ יידישע קינדער? (ר.). שווימען שווימט עס טאָג און נאַכט (נאָמ.).

2. שטאָלץ איז זי געקומען און שטאָלצער נאָך אַוועק (סעג.). און די פייגל איבער דעכער פליען הויך און זינגען העכער (ר.).

3. ביינאַכט זייגען אַלע קי שוואַרץ (שפּר.). מאָסקע האָט דערזעען פונדערווייטנס (אַש).

## אויספיר § 49.

דאָס וואָרט „באָרוועס" איז אין זאַץ אַן אומשטאַנדבאַשטימונג. ס'איז אָבער ניט קיין הויפּטוואָרט, ניט קיין צייטוואָרט א. אז. וו. „שטאַרק" און „פריי" זיינען אויך אומשטאַנדבאַשטימונגען און געהערן אויך ניט צו קיין שום קלאַס ווערטער, מיט וועלכע מיר האָבן שוין געהאַט צו טאָן (זיי קענען ניט באַטראַכט ווערן ווי בייוועּרטער, ווייל בייוועּרטער, כידוע, מוזן זיך באַציען צו עפּעס אַ הויפּטוואָרט און זיינען אין זאַץ ס'רוב זאַכבאַשטימונגען אָדער זאַגוועּרטער). הכלל, ס'איז פאַראַן אַ באַזונדערע גרופּע ווערטער, וואָס דינען פאַר אומשטאַנד־באַשטימונגען. זיי הייסן טאַקע דעריבער אומשטאַנדווערטער. פאַראַן ווער־טער, וואָס זיינען לכתחילה און שטענדיק נאָר אומשטאַנדוועּרטער. ס'זיינען אָבער דאָ אַפילו ווערטער, וואָס אין איין זאַץ זיינען זיי בייוועּרטער אָדער הויפּטוועּרטער, אין דעם צווייטן — אומשטאַנדוועּרטער. דאָס ווענדט זיך דערפון, וואָסער ראָלע זיי שפּילן אין זאַץ, וואָסער אָרט זיי פאַרנעמען דאָרטן.

וויפיל מינים אומשטאַנד־באַשטימונגען—פּונקט אַזויפיל מינים אומשטאַנדוועּרטער (ביישפּ. 1). די אומשטאַנדוועּרטער פון שטייגער, וואָס נעמען זיך פון בייוועּרטער, האָבן פאַרגלייכגראַדן ווי בייוועּרטער (ביישפּ. 2).

צונויפגעזעצטע אומשטאַנדוועּרטער ווערן געשריבן צוזאַמען, זיי בילדן דאָך איין וואָרט! (ביישפּ. 3).

## אויפגאַבעס.

243. וואָסערע מינים אומשטאַנדוועּרטער זיינען פאַראַן און אויף וועלכע פראַגעס ענטפערט יעדער מין?

244. שטרייכלט אונטער די אומשטאַנד־וועּרטער פון אָרט מיט איין שטריכל און די אומשטאַנדוועּרטער פון צייט מיט צוויי שטריכלעך.

וואו ס'איז אונזער וואוינונג, דאָרטן איז אונזער לאַנד (פּ. ליד). אַרום העגנט אַ נעפּל געדיכט (יהואָש). די טייכעלעך פליסן אַהין און אַהער (ראוו.). נעכטן איז ער דאָ געווען (טייטש). שלאָף־זשע, שלאָף אַציגד (נאָמ.). די מאַמע ווייגט דער־ווייל (ש"ע.). זיי שלאָפן שוין איין (סעג.). ווען דאָס הייגט זיין א שפּאַציר! (שם.) זעלטן ווען אַ פויגל טרילערט (יהואש). ערגעץ האָב איך געזעען אַזאַ בליק (סעג.). מיין קינד איז ווייט פאַרשוואומען (פּ. ליד). דאָרטן בליען בלימעלעך (הורוו.). איך שטיי אויף פריי (ביאַל.). צי געדענקט איר פון אַמאָל? (פּ. ליד). איצטער פאַרשליסט זי די טירן (מ. ר.). וואַלד פון הינטן, וואַלד פון פאָרנט, אויף די זייטן וואַלד (בר־

כהן). איך גיי אַהין (פרוג)· דאָס פעלד ווערט שוין ליידיק, דאַן פול ווערט דער שייער (סעג)· פריער געמאַכט און נאָכדעם באַדאַכט האָט שוין ניט איינעם פיל צרות געבראַכט (שפר)· אַנטקעגן יאָגט אַ ווינט (ר.). דאָרטן ווייט דערהייבט דער ווינט דעם שטויב (אַש). אויפן שלאַכטפעלד אונטן, אויבן, פליען קוילן (ר·). דאָרטן אַקערן צוויי אָקסן, דאָ — אַ דאַרער ברוינער פערד (נייד)· איצט שטיי איך אונטער איינער טיר (ביאַל)· זינט דעמאָלט וואַנדער איך אַליין (מ· ר·). אַלץ איז היינט פאַרענדערט (בן־עמי)· קומען באַלד די ליבע געסט (פרץ)·

245· קלייבט זיך פונאַנדער אין אַלע מינים אומשטאַנדווערטער.

קום אַהין נאָר פריש, געזונט (פ· ליד)· דעריבער גייען די גענז באָרוועס (שפר·). שטיל וואַסער גראָבט טיף (שפר.)· אַזוי האָט דער רבי געפסקנט (פרץ)· איך זיך אַליין (ר.)· פלוצלונג לויפט דאָס מיידל צו (נאָמ.)· די שוואַלבן פליען מחנות־וויז אוועק אין דרום־געגנט (יהואָש). גאָטס וועלטל איז פון דעמאָלט אַ ווייסע געוואָרן (סעג·)· עס הערט זיך דער דונער פון ווייטן (ר·)· איך דאַנק דיר דערפאַר (פרץ) אומעטיק שפּילט ער (אַד.). און גאָט האָט מיר געזאָגט אַזוי (ביאַל.)· דערווייל איז ראובן "אָנגעקומען (דינ·). איינזאַם זיך איך אין מיין חדר (מ· ר·)· אַלע וועלן דערנאָך באַקומען פליגלען (פרץ)· ציגנד געשווינד אין אייוועלע אַריין (פרץ)· באַלד וועט זי אין דעם ים פון בערג זיך פייערדיק דערטרינקען (יהואָש). דעמאָלט ערגעץ פון דער ערד קומט דער אָוונט שטיל אַרויס (מ. ל.)· דאָרטן עפנט זיך גאָר אַ נייע וועלט (ביאַל.)· דערויף זיינ ן זיי געשטעלט (ווינטש·)· ווידער איז דער מאַי געקומען (מ· ר·). עס דרייען זיך שוין קוים די רעדער (ריוו.)· שווימט אַוועק מיין שיפעלע טרויעריק אַליין (נאָמ·)· בעסער פריער איין וואָרט איידער צוויי דערנאָך (שפר·)· אַמאָל איז געווען פיש אויך, היינט איז ניטאָ (ש.־ע.)· פּאַוואָליע הויב איך מיך אויף (ש·־ע.)· דאָס קליינע שטעטל איז שוין לאַנג אַ שטאָט געוואָרן (פרוג)· למאי איך לאַך פון איר (ש·־ע·)· דאָרטן פליסט שטיל די ווילי (טייטש)· טרויעריק ניט זעלטן זעט ער אויס (פרוג). עס הערן זיך לידער אַרום (פרוג)· עס טרילערט דער קאַנאַריק אין רייכסטן פּאַלאַץ שוין (מ. ר·)· באַלד וועט זיך אויסכאַפּן דער דאָרף (פרץ)· די אויגן פּאַמעלינקעס שליסן זיך צו (מ. ל·)· פּאַרוואָס באַהאַלט זיך פון מיר די זון? (פרץ). באַזונדער ליגן זיך די כאַטקעס דאָ און דאָרטן (ווינב·)· אויף מאָרגן האָט דער עולם הייס און ערנסט אים באַוויינט (פרוג)· עס פּעקלט זיך דער זומער שוין און זיפצנדיק זיך זעגנט (יהואש). עס טרילערט דער קאַנאַריק אין פרייען וואַלד אַליין (מ· ר·)· איך האָב דאָס מיר טאַקע אַליין געמאַכט (ש·־ע·)· איך האָב מיר פאַרגעשטעלט, עלעהיי עס איז אַ מעסערל און טע שניידט (ש.־ע.). ברענגסט דערקוויקונג אונז אַצינד (פיכ.).

מלכים שלאָגן זיך ווי לייבן,
כלאָפּעס פאַלן ווי די פליגן.

246. זעט נאָך אין דעם מאַטעריאַל פון די אויפגאַבעס 134, 141, 145, 149, 152, 156, 161, 166 — דורך וואָס ס'ווערן אויסגעדריקט די אומשטאַנדבאַשטימונגען.

247· שטעלט צונויף אַזעלכע זאַצן, וואו די פאָלגנדיקע ווערטער זאָלן פריער זיין אומשטאַנדווערטער און נאָכדעם זאָלן די זעלביקע ווערטער זיין אין אַנדערע זאַצן הויפטווערטער אָדער ביי־ווערטער:

לוסטיק, ריין, טאָג, יאָר, מאכלדיק, וואָך, ווייט, פריער, געפערלעך, יום־טוב.

248. די ווערטער דאַרפן געשריבן ווערן צוזאַמען?

אומעטום איז גוט, אין דער היים איז נאָך־בעסער (שפר·). מען הייסט זיי לויפן אַ־הער, לויפן זיי אַ־הער; מען הייסט זיי לויפן אַ־הין, לויפן זיי אַ־הין (ש·־ע·)· מיט די שטאַרקע פליגלען פאַכט ער אין־דער־לופטן (מ. ר.). גוט צו־זיין איז

אונטער־וועגנס אין די ערשטע ווארימע רעגנס און זיך צו־הארכן פארקלערט (נייד·)· פארן מיר א־היב־צו־צו (ש·־ע·). אין־דער־היים דער ליבער ווארט אויף מיר דער חתן (פ· ליד)· זיצט דען איצט ווער אין דער·היים? (ראוו·)· איך בין אין גאנצן געווען דארטן אויבן (ש·־ע·)· איך האב א־זומער אפגעשפילט א־גאנצן (ריוו·)· איך פארלאז א־צינד די שטאט (מ· ר·). איך זע אים נאר ביי־נאכט (מ·ר·). עס איז די נאכט נאר־וואס א־וועק (סעג·)· אויסגעפוצט זיך נאכן רעגן האט דער הימל שטילער־הייט (יהואש). קומסט פון־ווייטן לאנד א־צינד (פיכ·). א־זוי זאג איך אייך אן: זאגט־זשע נאך־א־מאל און טאקע נאך־א־מאל: קמץ אלף—א! (ווארש·)· זיי שווימען פאר־שלאפענער־הייט (סעג·)· מירטן אים צו־קאפנס, רויזן צו־די־פיס אים (מ· ר·)· גייט ער שוין צוריק־וועגס צו־פוס (ש·־ע·)· די דאקטוירים האבן איר דערווייל נאך גאר־ניט געהאלפן (פייג·)· היינט ביי־נאכט האט זי א־זוי געהוסט (ר·)· כמעלניצקי האט אים דא באגראבן נאך פאר־צייטן (ש·־ע·)· א־צינד זע איך־עס בא־שיימ־פערלעך (פרץ). ברענג אים־נאר א־הין בשלום, נאך־דעם פלי זיך דיר צוריק (ביאל·)· גאטס באשעפעניש רירט זיך אומעטום: אויפן־פעלד, אין־װאלד און אין־דער־לופט (מענדעלע)· ליגט אים די נשמה אין־גאנצן מיט אלע געדאנקען אין־דער־פרנסה (מענדעלע). א זומערפייגעלע איז צוגעשפרונגען צום בוים און א־צווייטס יאגט דאס ערשטע נאך, דרייט זיך א־רום איר אין־דער־לופט (ווייס·). אין־גאנצן לאנד ניטא א־זוינער (פ· ליד)· אויב ניט היינט, איז מארגן; אויב ניט מארגן, איז איבער־א־יאר (שפר·). פאר־א־יארן ביסטו אנטשלאפן גע־ווארן באלד נאך ־ קידוש (ש·—ע·). איך טאר ניט ארומשפרינגען אין־דרויסן (ש· —ע·). זיינען דער־פאר די פינגער ביי ־ אים תמיד שווארץ (ש·—ע·). איר הערט זיין קרעכצן און זיין סקריפען פון־דער־ווייטן? (ביאל·)· פון־דאס־ניי זיך זעצן צו־דער־ארבעט (פ· ליד)· ער וועט אלץ פון־אונזערטוועגן שאפן (ש·—ע·). ווער וועט דיך, מיין קינד, אונטער־דער חופה בענטשן? (פ· ליד)· ער טראגט זי פון־דער־חופה־אן, שבת, יום־טוב, אין־דער־וואכן (מרד·)· זוכט זי זיך אויס תירוצים פון־אונטער־דער־ערד (פרץ)· דאך עפעס נישט מיט־אלעמען האט זיך דער־דרויסן פאר־נאכט־צו דערפילט (נסתר)· און עס ווארימט אייבן די זון אין־הימל און אויף־דער־ערד אונטן (נסתר)· אך, ווי פריילעך איז דאס לעבן אין־דער לופטן פריי צו־שוועבן! (ר·)·

249. אפשר וועט איר אליין צוקלערן נאך א כלל, וואס זאל אונז העלפן אונטערשיידן, ווען מען דארף דאס ווארט שרייבן באזונדער און ווען זאל עס געשריבן ווערן צוזאמען·

250· טרעפט פאלגנדיקע רעטענישן:

א) אז א פאפ טרינקט זיך, ציט מען אים ארויס פאר די האר. פארוואס ציט מען ארויס א גלח, בשעת ער טרינקט זיך? (פרט.)·

ב) פאר וואס קויפט א גלח א שטעקן מיט א גרויסן קאפ? (פרט.)·

# IX. פארקלעבער־ווערטער, פארצויגענע און פאראכטלעכע נעמען·

דערקלערונג

1. שניי און שניי און ש נ יי ע ל ע ך,
פ י צ י נ ק ע ל ע ך, ט יי ב ע ל ע ך,
פליען, פליען זעצן זיך

אויף דער גאַנצער וועלט.
ווערט די וועלט אַ ווייסינקע,
פול באַזעצט מיט מייבעלעך.
שניי און שניי און שנייעלעך.
פרישינקע ווי קעלט (קווימקאַ).

2. שטייט אַ ביימעלע אין וואַלד, האָט דער גוים אַ צווייגל (קאַצ.). עס וואַגט ניט אַ בלעטל אַ ריר טאָן צו פלאַט (סעג.). ס'איז אַ וועלט מיט וועלטעלעך (ווערטל).

3. א) כלהניו, וויין זשע, וויין (וואַרש.). לכבוד חתן־כלהשיטוט, פײַגעלעך, אַ שפיל (נײַד.). אַך, טאַטינקעס, מאַמינקעס! (ווערטל).

ב) גײַ שוין, גײַ וואַש זיך, דו כוסעמער בחור איינער, דו גוי־גויעץ (נײַד.). זוזאַ יונגאַטש, קען ניט נעמען קיין ריפר אין האַנט! (ש.—ע.).

4. א) עס לייגט זיך אַנידער דער אָוונט אין רויטלען געפּל פאַרהילט, אין וואַרימע צערטלעכע פאַרבן (וואַלט). און דער הימל ווערט וואָס אַמאָל מערער גרוילעך ווי בלוילעך (פרץ).

ב) זעט נאָר, ווי ווײַסינקע בלעטעלען פאַלן, זעט נאָר, ווי צאַרטינקע פליטערלעך פליען (סעג.). אַזוי זאָגט צו מיר דער אַלטיטשקער (ש.—ע.).

לײַבע, לײַבל, לײַבעלע, לײַבקע, לײַבעניו, לײַבטשיק, לײַבטשע, לײַבוק.

קליין, קלײַנלעך, קלײַנינקער, קלײַניטשקער, קלײַנטשיק.

## אויספיר § 50.

דאָס וואָרט, וואָס איז אַ נאָמען פאַר אַ זאַך אָדער אַן אייגנשאַפט, קען אויך גלײַכצײַטיק אָנווײַזן אויף אונזער באַציאונג צו דער זאַך אָדער צו דער אייגנשאַפט. עס קען אָנווײַזן, וואָסערע געפילן עס רופט אַרויס בײַ אונז: צערטלעכקײַט אָדער ביטול וכדומה. דעריבער זײַנען פאַראַן אין די הויפּטווערטער:

א) פאַרקלענער־ווערטער, וואָס ווײַזן אָן אויף אַ זאַך מיט אַ לײַ־ערך קלענערן פאַרנעם (בײַשפּ. צוויי).

ב) פאַרצויגענע נעמען, וואָס ווײַזן אָן אויף דער ליבשאַפט און צערטלעכקײַט, מיט וועלכע מיר באַציען זיך צו דער זאַך, אויף דעם פאַרציען דעם מענטשן, וועמעס נאָמען מיר דערמאָנען (בײַשפּ. א דרײַ).

ג) פאַראַכטלעכע נעמען, וואָס ווײַזן אָן אויף דעם ביטול און דער פאַראַכטונג, מיט וועלכע מיר באַציען זיך צו דער זאַך (בײַשפּ. ב דרײַ).

די בײַווערטער פאַרמאָגן אויף פאַרקלענער־פאָרמען (בײַשפּ. א פיר) און פאַרצויגענע נעמען (בײַשפּ. ב פיר).

פאַרקלענער־ווערטער דריקן אָפט אויס אָדער צערטלעכקײַט אָדער ביטול.

## אויפגאַבעס.

251. וואָסערע הויפּטווערטער פאַרמאָגן פאַרצויגענע און פאַראַכטלעכע נעמען? צי קענען אַלע בײַווערטער האָבן פאַרקלענער־ווערטער? צי האָט איר באַמערקט, ווי עס ווערן איבערגעגעבן בײַם שרײַבן די פאַרטונקלטע קלאַנגען אין די ענדונגען פון די פאַרקלענער־ווערטער, פאַרצויגענע און פאַראַכטלעכע נעמען?

252. ווי זײַנען די פאַרקלענער־פאָרמען פון די פאָלגנדיקע ווערטער: צווײַג, מויד, שטול, באַנק, קוי, פאַפיר, יונג, גאָרטן, בײַן, קול, מעסער, מייל, וואָלקן, זיס, בלאַס, נאַס, געל, קיל, הילצערן.

253. פאַרציט זיי אָדער זייט זיי מבטל:
חנהן, משהן, ציפען, דעם בחור, דעם שניידער, יאָסלען, בערלען, רויזען, דעם שוסטער.

254. שיידט אונטער צווישן פאַרקלענער־ווערטער־פאַרצויגענע און פאַראַכט־ליכע נעמען. אָנשטאָט דעם פרעג־צייכן שטעלט אַוועק דעם ריכטיקן אות. ווייזט אָן די ענדונגען פון די פאַרקלענער־פאַרצויגענע און פאַראַכטלעכע נעמען.

1) אין אייזעלע — קיין פענדעלע, אין שטייגעלע — קיין הענדעלע, אין ביטעלע — קיין רענדעלע (שמר). ווען די שיף איז געבליבן שטיין, איז א קליין שיפל צוגעפאָרן (אַש). פייכטער קאַלטלעכער באַגינען (נייד). ווי ליבלעך, ווי וואַרים, ווי מיילעך איז מיר (פרוג). דאָס זייגען אַזוינע קליינע ברעקעלעך מענטשעלעך מיט מיטעלעך און הענטעלעך (ספ.). געלעבט האָט אַמאָל א באָבעשי מיט אַ זיידעשי (וויכל). ניסעלעך גרויסינקע, ניסעלעך קליינינקע, ניסעלעך פיל (קוו). און די כליבונקע מיר מבער ימח־שמוניק — די גאַנצע וועלט איז דיר אַלץ ווייניק (מרדי). דו הולטיי איינער, דו אַפיקורוס, טרייפניאַק איינער (ש.־ע.). לאהניו לאָזט, די האָט מורא (וואר״ש). יאַנקעלע איז אַ דאַרענקער׳אַ בלייכינקער (ר.). ער שפּאַנט דאָס צוויין פּאַוואָליגקע אין פּעסל (ש״ע). און ווייס איז די שטוב, ווייס ווי מילך, מיט קליינינקע פענסטערלעך אַ סך (ש.־ע.).

2) עס גיבן בלויזנקע, עס גיבן רויטזנקע, עס גיבן געלזנקע — ווי אייך געפעלט (אייג). איך ליב אים דעם קאַלטזנקזן שוואַרצ?נק?ן פערדל ביז גאָר (קול.). זעסט, ס׳אַרא קעפּ?ל?, ס׳אַרא דינזנקז פיטזלזך, און די אויגן אַזוי גרויס און גרוי (סט.). מיר ווען שרייבן קליינינקע אותיותלזך, מאַנטשזנקז (ר.). זי פויקט מיט די דיקלזכע פינגער אין דער שויב (פרץ). חוהזלז שיינזנקז, גיב אַ ביס, ס׳עפּזלז ס׳קליינזנקז איז צוקער ויס (קאַצ). ... צעשניידן מיין חלק ברויט אויף קלייזנטשקז, קליינזנטשקז שטיקעלעך (ש.־ע.). דעם שור־הבר מיטן לויתן וועלן מיר עסן אויף דער סעודהניז (פּ. ליד). אין חדר אַריין, ימח־שמונזקעס. איך וועל אייך צושטעלן, לייד־דאַקעס, אַ בענקזלז ביים רבין! אין חדר אַריין פוסטע־פּאַסנזקעס, כל־בוניקעס, אין חדר אַריין! (ש.־ע.). ס׳איז שיטערלזך און ביטערלזך (ווערטל). און עס גייען זיך אַזוי די שטילע, רייגע וואַסערלזך, רייבזנקז און שטילע (נסתר). דו בחורזך, דו שייגזץ איינער! (ש.־ע.). ס׳רירט זיך אַ ווייכזנקזר גלעקזלז ... פרישזנקז גלעקזלזך ליב איך ביז גאָר! (קול).

3) אונטער די גרינינקע ביימעלעך
שפּילן זיך משהלעך, שלמהלעך,
ציצית, קאַפּאָטקעלעך, פּאהלעך,
יידעלעך פריש פון די אייעלעך.
גופּעלעך — שטרוי, רויך און פעדערלעך,
נעם און צעבלאָז זיי אויף גלידערלעך —
כאַפּן זיי אויף גרינגע ווינטעלעך
און עס צעטראָגן זיי פייגעלעך (ביאַלי).

אין אַ קליינע שטיבעלע ביי אַ לאַנגן טיש זיצן דאָרטן מיידעלעך. דרייען מיט די פיס, דרייען די מאַשינדעלעך פון דער פרי ביז נאַכט, און אַזוי ווערט טוצנדווייז העמדעלעך געמאַכט. העמדעלעך איר ווייסינקע, זאָגט, וואָס זייט איר נאַס? מיידעלעך איר שיינינקע, זאָגט, וואָס זייט איר בלאַס? העמדעלעך און מיידעלעך ריידן נישט קיין וואָרט, אויסער די מאַשינדעלעך הודזשען... (ש. הורוויטש).

חנהלע,
ביילעלע — יעדע
אוי אַ דימענט.
רחלע,
ברכהלע —
הימלשטערן ביידע!
כינצעניו,

שפרינצעניו
קענען נאָר געפּעלן,
ריקעלע
מיקעלע!
פאַרן קייסער נאָר צו שטעלן (וואַרשאַווסקי).

# X דאָס אויסרוף וואָרט.

## דערקלערונג.

אוי! אוי! חסידימלעך! אוי, אוי, מתנגדימלעך! (פּ. ליד). האַ, ה אַ, וויפּיל געלט! (מ. ל.). ע, וואָס איז דאָ מורא צו האָבן? (פּרץ). אַך! ברעכט אַרויס דער וואַלד מיט שטורים און געוויין (ר.). אַך, ווער זייט איר ליבער ייד? (ר.). אָ, די מאַמע איז געשטאָרבן! אז אָך און אַז וויי! (פּ. ליד). און אַ זייגער אויפן וואַנט ציילט זיין טיק־טאַק נאָכאַנאַנד (מ. ל.).

אַ קליינע מיידעלע קלאַפּט אין טיר.
טוק! טוק! טוק!
ליבע מאַמע עפן מיר!
טוק! טוק! טוק!
איך בין שוין אַהיים געקומען,
טראַ־לאַ־לאַ!
דעם גאַנצן טאָג געווען פאַרנומען.
טראַ־לאַ־לאַ!

### אויספיר § 51.

פאַראַן אַ ריי ווערטלעך, וואָס מיר באַנוצן זיי ביים אויסדריקן אונזערע געפילן (ווי צער, ווייטאָג פאַרוואונדערונג, יאוש א. אז. וו.) דורך אויסרופן. זיי הייסן אויסרוף־ווערטער. געוויינטלעך גע־הערן זיי ניט צו די זאַצגלידער און ווערן אָפּגעטיילט פון זי, מיט אַ קאָמע אָדער מיט אַן אויסרוף־צייכן (אויב מיר זאָגן זיי אַרויס מיט אַ העכערן, אויפגערעגטן קול).

צו די אויסרוף־ווערטער געהערן אויך אַלע נאָכקרימענדיקע ווערטער, וואָס קומען אַרויס ביי אונז ביים נאָכקרימען, נאָכמאַכן אַ קול, אַ קלאַנג, אַ רעש א. אַז. וו.

### אויפגאבעס.

255. גיט אַקאָרשט ביישפּילן פון אויסרוף־ווערטער, וואָס זאָלן אויסדריקן: א) שמחה, 2) צער, 3) פאַרוואונדערונג, 4) ביטול, 5) באַדויערונג, 6) אַן אָנווייז, 7) שרעק.

שייקעלע - פייקעלע!
ער מאַכט נאָך דאָס זשומען
פון בין און פון פליג,
ער קרייט ווי א הענדל
און שפּרינגט ווי אַ ציג.
ער בילט ווי אַ הינטל
און וויינט ווי אַ קינד,
ער ברומט און ער וואָיעט
אַזוי ווי דער ווינט.
ער מעקעט און בעקעט
און קלאַפּט אין אַ טאַץ.

מיאַאוקעט און יאָמערט
אַזוי ווי אַ קאַץ.
ער מאַכט נאָך, ווי פייגעלעך
עסן — פיק־פיק! (גר. ביימ.).

אַנו, איר זייט אויך אַזוינע בריות ווי שייקעלע־פייקעלע?

2) וואָס זאָגט דער פויער צום ערשטן, ווען ער קומט צופאָרן אויפן מאַרק? (גר. ביימ.).

257. ווייזט אָן די אויסרוף־ווערטער און דערקלערט, וואָסער מין געפיל דריקן זיי אויס, וואו זיינען דאָ נאַכקרימענדיקע ווערטער? באַקוקט גוט די אָפּשטעל־צייכנס נאָך די אויסרוף־ווערטער.

1) אַליע־ליוליע, אַליע־ליוליע!
שלאָף, מיין טייערער, און רו,
וואויל איז דעם וואָס האָט אַ מאַמען,
און אַ וויגעלע דערצו (איינ.).

נו? — מאַך המוציא (ווערטל). פלוצלונג אַזוי ווי די גומע יענטע גוואַלדעוועט דאָ, הערן מיר: טררראַך — טאַראַראַך — באַם — דזין — באַם! (ש.—ע.). אוי, אַ שמחה, אוי, אַ פרייד! (וואַרש.). אוי, געוואלד! אַ גנב האָט דאָך מיך באַגנבעט! (פ.ליד). א, איר קליינע ליכטעלעך, איר דערציילט געשיכטעלעך, מעשהלעך אָן צאל (מ.ר.). ביט פאַר אונז, אוי, בייטערקעס, בליט דער שיינער מאַי (הורוו.). עט, וואָס האָב איך זיך פאררעדט? (ר.). אוי, איך האָב נאָך ווערטער פיל (ר.).

טראַם! טראַם! צו מאַכן „פוי”!
כלעבן איז אַ סך גרינגער.
דאָ מוז מען שפּיקן אָט אַזוי —
און מאַכן מיט די פינגער
טראַ־טאַ־ראַ־רא! טראַ־טאַ־רא־ראַ!
און מאַכן מיט די פינגער (וואַרש.).

## 2. דאס ריטשקעלע.

מורמלט זיך אַ ריטשקעלע:
— מור, מור.
וואַרפט מען דעם אַ שטיינדעלע:
— בור, בור.
קומט אַהער אַ ציגעלע:
— הופ, הופ.
לאַדט דאָס איין דאָס ריטשקעלע:
— זופ, זופ.
דאַנקט דערנאָך דאָס ציגעלע:
— מע, מע.
לאַכט מיט פרייד דאָס ריטשקעלע:
— כע, כע.

וואַרפט דאָס נאָך, דאָס ריטשקעלע:
בליצט, בליצט.
קומט אַהער אַ פאַסטעכל,
זיצט, זיצט.
זופט ער מיט אַ שטרויעלע
— טריף, טריף.
כאַפּט זיך באַלד צום פייפעלע:
— פיף, פיף.
נאַכט שוין, שרייען קראָעלעך:
— קראַ, קראַ.
גריסט אַ פראָש דאָס ריטשקעלע:
— קוואַ, קוואַ.

ס'איז דעם גוט, דעם ריטשקעלע,
— אָ־וואַ!
בלעבלט עס, דאָס ריטשקעלע:
— כאַ, כאַ . . .
(ל. קוויטקאָ).

# XI. די ווענדונג.

## דערקלערונג.

1. דעם העלפאַנט, ברודער, האָב איך גראָד ניט געזעען (ריוו.). וואָס זאָגט איר, פעטערל, צו דער הויה פון דער פאַרשייטער חיה? (ריוו.). טאַנץ, מיידעלע, טאַנץ מיטן בלומען־קראַנץ! (פרץ).

2. ר' בערל, זייט אַזוי גוט און טוט אַ קוק אויף דער משונהדיקער בריאה (ריוו.). ר' וועלוועלע! וואָס רעדט איר, גוואַלד! (ריוו.). ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן, שמערקע? (ריוו.). זאַמל כוחות פאַר דער צוקונפט, זאַמל, אייניקל קינד! (באָם.). הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן (רייז.).

3. מיין קינד, מיין טרייסט, דו פאָרסט אַוועק (פ. ליד). שלאָפן מוז מען, ביימעלע גרין! (פרץ). הער נאָר, דו שיין מיידעלע, הער נאָר, דו פיין מיידעלע, וואָס ווילסטו טאָן אין אַזאַ ווייטן וועג? (פ. ליד). אוי, שוועסטערל! ניט גלויב! מ' טאָרן אויף דעם נס ניט האָפן (ריוו.). אָ מאַמע, מאַמע ליבע, קום צו מיר (פ. ליד). אָ, איר קליינע ליכטעלעך, איר דערציילט געשיכטעלעך (מ. ר.).

4. שלאָף, מיין קינד, מיין טרייסט, מיין שיינער,
שלאָף, מיין זונעניו!
שלאָף, מיין קרוין, מיין קדיש איינער,
ליולינקע, ליו־ליו (ש־ע.).

## אויספיר § 52.

דאָס וואָרט, וואָס באַצייכנט די זאַך, צו וועלכער מיר ווענדן זיך מיט אונזערע רייד, הייסט די ווענדונג. די ווענדונג איז ניט קיין זאַץ־גליד און דעריבער טיילט זי זיך אויס פון זאַץ מיט אָפּשטעל־צייכנס. אַלע ווערטער, וואָס באַציען זיך צו דער ווענדונג, ווערן אויסגעטיילט צוזאַמען מיט איר.

די ווענדונג שטייט אַלעמאָל אין ערשטן פאַל.

## אויפגאבעס.

258. אין וועלכער פערזאָן איז אויסגעדריקט דאס צייטוואָרט אין אַזאַ זאַץ, וואו ס'איז אַריינגעשטעלט אַ ווענדונג? דורך וואס דריקט זיך געוויינטלעך אויס דאָס זאַכוואָרט אין אַ זאַץ, וואס האט אַ ווענדונג? וועלכע אפשטעלצייכנס קענען שטיין פאַר און נאָך אַ ווענדונג? ווי טיילט זיך אויס די ווענדונג, וואס שטייט אין מיטן זאַץ? וואָס שטייט אנהייב זאַץ? וואָס שטייט סוף זאַץ? פון וואס ווענדט זיך דאָס שטעלן אַ קאָמע, אַ פינטל אדער אַן אויסרופצייכן נאָך דער ווענדונג? [ביישפ. יאמע, יאמע, זינג מיר אַ לידעלע, וואָס דאס מיידעלע וויל (פ. ליד). כאַצקעלע! כאצקעלע! שפיל מיר אַ קאזאַצקעלע (פ. ליד)]. צי קען אַמאל אַן אויסרופוואָרט פאַרשטאַרקן די ווענדונג? צי דאַרף מען אזאַ אויסרופוואָרט אפטיילן פון דער ווענדונג?

259. שטעלט צונויף דריי זאַצן, אין וועלכע דיזעלביקע ווענדונג זאל זיין אין אנהייב, אין מיטן און צום סוף זאַץ.

260. טיילט אָפּ די ווענדונג מיט די געהעריקע אָפּשטעלצייכנס.

שוין פאַר די האָר און ס'איז אומעטיק ביז גאָר. לאָזט זיך ווינט אין הימל ווייט (דאָבר.). ס'פאלט צו די נאַכט. שטילער, שטילער ווערט דאָס געריש, דאָס געווימל אַרום און אַרום. איינס נאָך דאָס אַנדערע צינדן זיך אָן שטערנדלעך אין הימל. וואַלד און פעלד שווייגט. אַלצדינג רוט דאָרטן. עס גלעט זיי, פאַרוויגט זיי דאָס. מילדע וואַרימע וועסנע־ווינטל. דער סאָלאָוויי זינגט זיי אַ שיין לידל (מענדעלע).

2. אָ, פרעמד איז מיר מיין אייגן לייב! אָ, פרעמד מיין קינדס אַ בליק (מ. ר.). וואָלט איך געלאַכט! וואָלט איך געזונגען! (פ. ליד). אַך, ווי פריילעך איז דאָס לעבן אינדערלופטן פריי צו שוועבן! (ווייז.). רייסט די סטרינעס אַלע אויף צוויי! די מיזינקע אויסגעגעבן! (וואַרש.).

3. צי יאָגט מען אים נישט ווי אַ נביא? צי וואַרפט מען איב נישט נאָך קיין שטיינער ווי אַ נביא? צי לייכטן אים נישט די אויגן ווי די שטערן? צי קלינגט ניט זיין שטים ווי די פיינסטע האַרפע? צי ליגט ניט אין אים דער שמאַרץ פאַר אַלע, דאָס ליידן פאַרן גאַנצן דור? אפשר ווייס ער טאַקע אויך, וואָס שפּעטער וועט זיין? (פרץ).

## א ו י ס פ י ר §53

דאָס, וואָס מיר טראַכטן, קענען מיר דעם צווייטן איבערגעבן, דערציילן רואיק, געלאַסן אָדער עס אויסשרייען, אָנשטרענגען אונזער קול, עס אויסרופן אונטער דער ווירקונג פון א שטאַרקן געפיל, וואָס כאַפּט אונז בשעת מעשה אַרום.

דער זאַץ, וואָס דערציילט וועגן עפּעס רואיק, געלאַסן, איז דערצייל־זאַץ (ביישפּ. איינס).

דער זאַץ, וואו עס שפּיגלט זיך אָפּ דער אויסבראָך פון אַ געפיל און ווערט אַרויסגערעדט אויפגערעגט, מיט אַן אָנשטרענגונג — איז אַן אויסרוף־זאַץ (ביישפּ. צוויי). דער זאַץ, וואָס האַלט אין זיך אַ פראַגע, איז אַ פרעג־זאַץ (ביישפּ. דריי).

262. מיט וואָסער אָפּשטעל־צייכן ענדיקט זיך אַן אויסרוף־זאַץ? מיט וואָסער אָפּשטעל־צייכן אַ פרעג־זאַץ? מיט וואָסערע אפּשטעל־צייכנס קען זיך ענדיקן אַ דערצייל־זאַץ? לויט וועלכע סימנים דערקענט מען אָט די אַרטן זאַצן אין דער געשריבענער שפּראַך? ווי דערקענט מען אָט די אַרטן זאַצן אין דער גערעדטער שפּראַך? וועלכע ווערטלעך לייגט מען געוויינטלעך צו אין אַ פרעג־זאַץ? אין אַן אויסרוף־זאַץ? וואָס איז אַזינס דער „טאָן"? וואו שטייט געוויינטלעך דאָס זאַכוואָרט אין אַ פרעג־זאַץ?

263. שטעלט צונויף אַ פינף זאַצן, אין וועלכע ס'זאָלן ווערן אויסגעדריקט צער, פרייד, פאַרוואונדערונג, באַפעל, שרעק. שרייבט זיי אויף אָט די זאַצן און לייענט זיי פאָר. שטעלט צונויף אַ פאָר פרעג־זאַצן פריער מיט, נאָכדעם אָן באַזונדערע פרעג־ווערטלעך, רעדט זיי אַרויס.

264. וואָסערע זאַצן זיינען עס? וואָסערע אָפּשטעל־צייכנס פעלן דאָ?

ראַטעוועט אַ מענטשן פון טויט שוין דריי טעג און דריי נעכט אין מויל ניט געהאַט (פרץ). זאָל איך גיין אַהער וועט ער גיין אַהין וועל איך גיין אַהין וועט ער גיין אָהער (ש.—ע.). וואו נעמט מען אַזאַ לייטער פון טויזנטער מיילן וואו נעמט מען אַזאַ מענטשן, וואָס זאָל קאָנען די שטערן ציילן (פ. ליד). וואָס זשע דאַרף מען ברידער אומעטיק זיין (וואַרש.). אוי מיר זאָל זיין יידישע קינדערלעך פאַר אייערע כשרע אייגעלעך (ביאַל.). ווער וועט דיך מיין קינד פוצן און גלעטן ווער וועט דיך מיין קינד דאָס וויגעלע אויסבעטן (פ. ליד). היי היי העמערל קום צו מי, אין קעמערל איך וועל דיר עפּעס ווייזן (פ. ליד). שרה שרה אַ רעגן גייט כאַפּ אַריין דאָס חופּה־קלייד (פ. ליד). קום נאָר אַ הער תכשיט מיינער— מאַכט צו מיר אויף מאָרגן דער טאַטע:—האָסטו ניט געזען ערגעץ דאָס מעסערל (ש.־ע.). פילט איר ניט דעם ווינטל שטילן הערט איר ניט, ווי ס'טייכל פליסט זעט איר ניט די זון זיך שפּילן און די שטראַלן, וואָס זי גיסט (ראַוו.). אויף די פליגלען פונם ווינט פלי דיר, פלי מיין שיפעלע — און וואוהין פליסטו מיין שיפעלע — צו דער

פרײַער װעלט, אַהין, װאו ס׳איז ליכטיק, װאו ס׳איז גרין פײגל זינגט בלומען בליט — שיפעלע שיפעלע נעם מיך מיט (פרץ). װער קאָן רײדן חניפהדיקע רײד און װער קאָן נײען שײן א קלײד און װער איז טאַקע אַ פײַנער יונג טאַקע איך —משה קלונג (פ. ליד). אוי נעסטעלעך נעסטעלעך פוסטע מיט שנײ פאַרשאַטן, פאַרגליװערט געװאָרן עס פליען די װינטן און קלאָגן אויף זײ... אוי פײגעלעך ליבע װאו זײַנען זײ איצט אַװעק איבער בערג, איבער מערן, אַהין, װאו דער מאָרגנ־ שײַן פינקלט און בליצט און שמײכלען די גאָלדענע שטערן (פרוג). —דו גלויבסט אין משיחס צײַטן — פרעג איך אים — געװיס — ענטפערט ער שטיל און זיכער — משיח מוז קומען (פרץ).

265 כ׳שטײ אויף פרי—דער דאַך געזילבערט
און אַ בעלמע אויף די שויבן;
דאָך אין דרויסן פליען העכער
צו דעם הימל װײַסע טויבן.
און די צעפלעך אַיז װי ליכטלעך,
אָנגעצונדן מיט אַ העלן
שטראַל, צעשמעלצן זיך און טריפן, —
צי זײ װײנען, צי זײ קװעלן?
און דער מײך? איר הערט זײן קרעכצען
און זײן סקריפען פונדערװײטן?
עפעס נעצט דאָרט, עפעס פלאַצט דאָרט,
עפעס שפאַרט דאָרט אין די זײטן.
עפעס רודערט זיך דאָרט אונטן...
באַלד, אט באַלד װעט זיך באַװײזן,
װאס דערשטיקטע קרעפטן קאנען,
װי די גריט ברעכט אײז און אײזן...
אַלע שטראמען שטילע װאַסער
װי מיט אײן געדאַנק און עצה
װעלן זיך אַ נעם טאן „ראַזאָם"
און אַ שפּאַר טאן מיט אײן פלײצע
„ראַזאָם, ברידער! " און צעבראָכן
מוז די גראבע אײז־דעק װערן,
די װאס האט פון זײ פאַרשטעלט
הימל, זון, לבנה, שטערן.
און באַפרײטע, ברײטע כװאַליעס
װעלן טרײבן דורך די בריקן
גאַנצע מתּנות שטיקער אײז—
זײ צום שװאַרצן ים פאַרשיקן.
„גײט צו אַלדי שװאַרצע ימען!"—
און צעבראכענע אויף פיצלעך
װעלן זײ אין װעג באַקומען
קאַלטע פעטש מיט רײטע שמיצלעך

(ח. נ. ביאַליק).

---

# XIII. צונויפגעזעצטער זאַץ.

## דערקלערונג.

1. עס ווײַנען די קינדער, עס קלאָגן די ווײַבער (מ׳ ר׳). עמעץ פרײַט זיך, עמעץ לאַכט (טייטש). צען דינגען און אײנער קויפט (שפר.). עס ליאַרימט דער ווינט און עס הײבן זיך כוואַליעס (מ׳ ר׳). די מאַמע גיט מיר אין חדר אַרײַן אַ גאַנצן עפּל מיט צוויי גראָשן, און אויך דער דײַטש שענקט מיר אַ פּאָר קאָפּיקעס מיט אַ קגיפּ אין בעקל (ש.־ע.). אַלע כּלות זײַנען שײן, אַלע מתים זײַנען פרום (שפר.). אַלע סימנים גייען אונטער, נאָר דער סימן דלות בלײַבט (שפר.). אומזיסט איז נאָר דער טויט, דאָך קאָסט עס דאָס לעבן (שפר.). דו האָסט מיך שוין לאַנג פאַרגעסן, אָבער איך בין דיר נאָך טרײַ (פ׳ ליד).

2. נעמט צונויף די סנאָפּעס, ברידער, ביז די זון וועט אונטערגײן (וואַרש.). דער פוילער ווערט פלײַסיק, ווען אַנדערע גײען שלאָפן (שפר.). אַז די מויז איז זאַט, איז דאָס מעל ביטער (שפר.). איצטער שלאָפט דער רויטער האָן, ווײַל ער האָט ניט וואָס צו טאָן (מ׳ ל׳). געבאָרן בין איך פון אַ באַרג, וואו שײנע בלומען בליען (מ. ר.). אַז די לבֿנה בײַנאַכט וועט אַ קוק טאָן פון אויבן, וועט זי אַ פאַריתומטע פעלד שוין געפינען (טייטש).

3. דאָס גאַנצע לאַנד, וואוהין איך גײ און קען אײַך מיטנעמען, איז איין גאָרטן (פּרץ). די מעשה, וואָס איך וועל אײַך דערציילן, איז ניט קײן אמת און ניט קײן ליגן (הירש).

4. דער מלך איז אָפּגעשטאָרבן, די מלכּה געוואָרן פאַרדאָרבן, דער צווײַג איז אָפּגעבראָכן, דאָס פײגעלע אַנטלאָפן (פ׳ ליד). איר וועט, קינדער, עלטער ווערן, וועט איר אַלײן פאַרשטײן, וויפיל אין די אותיות ליגן טרערן און וויפיל געוויין (וואַרש.). אוי, העלפט מיר קינדער אונטער, קײן כּוחות איז ניטאָ, געקומען איז דער ווינטער, דער ווינטער איז שוין דאָ (וואַרש.). קלינגט זשע הויך, איר שײנע קלאַנגען, ווײַל דער מערבֿ איז נאָך רויט, כאָטש די זון איז שוין פאַרגאַנגען, כאָטש דער דיכטער איז שוין טויט (ר׳).

## § 54. אויספיר

צוויי זאַצן קאָנען אַמאָל זײַן אַזוי באַענגט אײנער צום אַנדערן לויט זײער אינהאַלט, אַז זײ שטעלן בײדע צונויף איין זאַץ, אַ צונויפגעזעצטן זאַץ. אַזאַ זאַץ באַשטײט ווײניקסטנס פון צוויי פּשוטע זאַצן. די זאַצן אין אַ צונויפזעצונג זײַנען ניט אַלעמאָל אין דערזעלביקער מדרגה אָפּהענגיק אײנער פון אַנדערן. פאַראַן אַזעלכע צונויפגעזעצטע זאַצן, וואו די שײכות צווישן די באַזונדערע טײלן איז ניט קײן גאָר ענגע און דער זאַץ לאָזט זיך לײַכט צעגלידערן אין באַזונדערע פּשוטע זאַצן (בײַשפּ. 1). ס׳זײַנען אָבער אויך פאַראַן אַזעלכע זאַצן, וואָס זעלבשטענדיק, אָן דעם צווייטן זאַץ פון דער צונויפזעצונג האָבן זײ גאָר קײן זינען ניט און זײַנען אומפאַרשטענדלעך, און דעריבער אויך אוממיגלעך אַלײן פאַר זיך, מחוץ פון דער צונויפזעצונג (בײַשפּ. 2).

ס׳טרעפן זיך אַזעלכע זאַצן, וואו איין זאַץ איז אַרײַנגעשטעלט צווישן די ווערטער פונם צווייטן זאַץ (בײַשפּ. 3). אַ צונויפגעזעצטער זאַץ קען באַשטײן ניט נאָר פון צוויי, נאָר פון דרײַ, פיר און אַפילו מער באַשטאַנדטײלן (בײַשפּ. 4).

266. שטעלט צונויף פינף צונויפגעזעצטע זאַצן, וואס באַשטייען פון צוויי, און דריי, וואס באַשטייען פון דריי אדער מערער פשוטע זאַצן.

267. מיט וואָסער אפשטעלצייכן ענדיקן זיך געוויינטלעך צונויפגעזעצטע דערציילזאַצן? ווי דאַרף מען איצט אויסטייטשן דעם כּלל [§ 4], אַז אפטמאָל טיילט זיך איין זאַץ אפּ פון צווייטן דורך אַ קאָמע?

268. ווייַזט אן די טיילן פון די פאָלגנדיקע צונויפגעזעצטע זאַצן צי קען מען די צונויפגעזעצטע זאַצן צעגלידערן אין פשוטע זאַצן?

*) דאָס הויזגעזינד איז פאַראומערט, אין שטוב הערשט אַ טרויער, אַפילו דער האָן שטייט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. דאָס קעלבל בלייבט לעבן און מיר פאַלט אַראָפּ א שטיין פונם האַרצן. דאָס פּנימל שיינט איר, די אייגעלעך פינקלען עפּעס מיט אַ גלאַנץ גאר משונה, דאָס מיילכל האַלב אָפן, אויף די ליפּלעך עפּעס אַ פאַרגליווערט מין שמייכעלע. די פרייד מיט מיר איז געווען אַזוי גרויס, גלייך ווי די וועלט איז מיינע, גלייך ווי אלצדינג אין איר פילט מיין שמחה. איך זעץ מיך אויף די קניעלעך אַ ביסל פונ־דערווייטנס און באַטראַכט מיר דאָס קעלבל. אין קאָפּ שפּילט מיר א טשיזשיק, אין די אויערן זשוזשעט מיר אַ זשוקל, אין נאז פאַרגייען מיר ריחות. אויב ס'איז נאר געמאלט אויף דער וועלט גליק און [אויב עס איז] געווען דענסטמאל אַ גליק־לעכער מענטש אויף איר, איז דער איינער געווען איך. איך האָב עס אָבער גוט געפילט, עס האָט אויסגעדריקט אַ פראַגע: וואו ביסטו פלוצים אהיינגעקומען? עס האָט מיר געפעלט טעג צום עסן און איך האב געליטן הונגער (מענדעלע). דער טאָג איז געווען אזוי וואַרים, די זון אַזוי שיין, דער הימל אַזוי לויטער, דאָס פעלד אַזוי גרין, דאָס גראָז אַזוי פרישׁ, און אויפן האַרצן איז מיר געוועזן אַזוי גרינג און אויף דער נשמה אַזוי גוט, אַז איך האב גאר פאַרגעסן, אַז איך בין דא אַ ווילד־פרעמדער און אַז איך בין אַרויסגעקומען אַהער צו אָנרייסן גרינס אויף שבועות, און האב מיר פאָרגעשטעלט, אַז איך בין דא אַ מושל, אַ פרינץ, און דאס גאַנצע פעלד, וואס מיין אויג כאַפּט אַרום, מיט אַלצדינג וואָס אין פעלד און אַפילו מיט דעם גאַנצן בלויען שטיק הימל—דאס אַלץ געהער צו מיר. איך בין דערויף דער איינציקער באַלעבאס און איך האב דערויף צו שאַפן (ש"ע).

דער מאי.

ווידער איז דער מאַי געקומען
מיט זיין צויבער, מיט זיין פּראַכט!
אַלע גראָזן, אַלע בלומען
האָבן ווידער אויפגעוואַכט!
ווידער בליט עס אויף די פעלדער,
ווידער גרינט עס אין די וועלדער,
ווידער גלאַנצט עס איבעראַל,
ווידער זינגט די נאַכטיגאַל.
ווידער נעמט דער פרילינג מאָלן:
מיט זיין פּענזל וואו ער שמירט,
ווערן בערגער, ווערן טאָלן,
ווערט די ערד מיט גרינס פאַרצירט. (מ. ראָזנפעלד).

269. פון די פשוטע זאַצן, וואָס שטייען בשכנות איינער צום אַנדערן, שטעלט צונויף צונויפגעזעצטע זאַצן.

*) געדענקט נאָר, אַז אַ זאַץ מוז האָבן אַ זאַכוואָרט מיט אַ זאָגוואָרט. „עס“—קען אויך זיין אַ זאַכוואָרט.

ווינטער איז עס· גאָטס וועלט איז אינגאַנצן אין שניי פאַרזונקען (אַש)· און דער פראָסט האָט זיך ניט געקאָנט באַרואיקן; ער מוז ווייזן דעם טייך ווער ער איז! (רייז). די פעלדער ליגן שוין באַגראָבן אין דעם ווייסן קיטל פון שניי. די ביימער דאָרט שטייען אָפּגעשמיסענע (מענדעלע). אַ כוואַליע וואַסער קומט אָן צו לויפן און גיט זיך אַ גאָס איבערן אייז. באַלד נאָך דער כוואַליע הערט זיך אַ קנאַק· דאָס אייז שפּאַלט זיך (אַש)· און געעפנט שטייט די וועלט. בלוי און ווייטער ליגט דער הימל (נסתר)· דערווייל פאַלט צו די נאַכט· שטילער, שטילער ווערט דאָס גע־רויש אַרום און אַרום. איינס נאָך דאָס אַנדערע צינדן זיך אָן שטערנדלעך אין הימל (מענדעלע). די מיטאָג־ליכטיקייט ליגט אויסגעגאָסן אויף אַלץ· דאָ און דאָרט פינקלען קליינע שטיינדעלעך און שטיקלעך גלאָז (וויסנ·)· שמואליק ליגט מיט פאַרטראַכטע אויגן· זיינע גלידער, פילט ער, ווערן שווער· עפּעס ציט אים די ערד שטאַרק צו זיך (מענדעלע)· אַ קליין שמאָל וועגל פירט פון דעם וועג אַראָפּ און פאַרשלענגלט זיך אויף די פעלדער· עס פירט צום הייזל צו (אַש)· דער הימל איז באַדעקט מיט אַ בלייערן־גרויען וואָלקן· דער ווינט בלאָזט און שאָקלט מיט די בלויזע ביימער· איבער דער ערד איז שוין דורכגעגאַנגען די שאַרפע קאָסע און איבערגעלאָזט נאָר עטלעכע דערנער. די ערד איז הויל און וויסט (פרץ)·

# XIV דאָס בינדוואָרט·

### דערקלערונג·

1· נאָטקע מאַכט עס אויך מיט אַלע פליטער ווי אַ שניידער אַ גענייטער (מרד·)· בוי איך מיר אַ שיפעלע צו פאָרן איבער ימען (נאָמ.). ס׳פייפט און ברומט דער ווינט (נאָמ·). און ביידע שווייגן: אי דאָס ווערדל אי די האַרמאַטן (וויסנ·). עס טאָר ניט ווייסן דערפון ניט דער טאַטע, ניט די מאַמע, ניט דער רבי (ש.־ע.)·

2. זע ביישפּילן צום § 54.

כאָטש אין גלות זיינען מיר, דאָך קיין מוט פאַרלירן מיר (פ· ליד). זאָל זי מיר זאָגן, צי די מאַמע לעבט נאָך (פייגנ.)· איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, עלעהיי ס׳איז אַ מעסערל און סע שניידט (ש·־ע·)· און בכדי צו איבערצייגן זיין יינ־גערן ברודער משהלע און זיין קליין שוועסטערל דבורהלע, אַז ס׳שפּאַלט זיך דער הימל, גייט אַברהמעלע צו צו דער מאַמען, שלעפּט זי פאַרן קלייד (ש·־ע·)· און טאָמער וואָלט זי אַמאָל אַ הוסט געטאָן, האָט זי אַזויפיל מענטשן, וואָס וואָלטן איר אַפילו וויין דערלאַנגט (רייז)· מיין ברודער אליהו איז נעבעך געגאַנגען צו אים דריי מאָל, אײַדער ער האָט אים אַראָפּגעבראַכט (ש.־ע.). מחמת איך זאָג קדיש אינדערפרי און אויפדערנאַכט, גיי איך שוין ניט צו הערש־בער דעם חזן (ש·־ע·). הגם צו אַזעלכע מיני מסחרים איז אַ מענטש נישט אַזוי שטאַרק נייטיק··· געזונט אָבער באַדאַרף מען טאַקע האָבן (מענדעלע)· למאי זידלסטו זיך? (ש.־ע.)· סיידן אפשר דיין פעטער דער זייגערמאַכער וועט דיר אונטערהעלפן (ש.־ע.)·

### אויספיר § 55.

פאַראַן אַ באַזונדערער קלאַס ווערטער, וואָס דינען דערצו, כדי צוזונויפצובינדן זאַצן צווישן אַנאַנד און אויך איינציקע גלידער פונם זאַץ מיט די איבעריקע זאַצגלידער· אַזוינע ווערטער הייסן בינד־ווערטער· דאָס בינדוואָרט איז, פאַרשטייט זיך, ניט קיין זאַצגליד·

### אויפגאַבעס·

270. שטעלט צונויף אַזוינע 10 פשוטע זאַצן, וועלכע איר זאָלט נאָכדעם

דורך בינדווערטער קענען פאַרבינדן צו צוויי אין אַ צונויפגעזעצטן זאַץ. שטעלט צונויף זאַצן, וואָס זאָלן האָבן צו אייניקע ענלעכע גלידער, (ד. ה. אין איין זאַץ זאָל זיין אַ פּאָר זאַכווערטער, אַ פּאָר זאָגווערטער, א פּאָר זאַכבאַשטימונגען, וואָס באַציען זיך צו איין וואָרט א. אַז. וו.), צונויפגעבונדענע דורך בינדווערטער.

271. שטעלט צונויף זאַצן, וואו ס'זאָלן זיך איינגעפינען פאָלגנדיקע בינדווערטער: אַחוץ דעם, הגם, אויב, באם, הן—הן, פונדעסטוועגן, למאי, דערפאַר.

272. שטרייכלט אונטער די בינדווערטער.

מענדל דעם שוחטס קענט איר צי ניין? (ש.־ע.). אַבי ער זאָל ניט זיין קיין שייגעץ (ש.־ע.). אַ קורץ פאררייסן נעזעלע פאַרמאָגט די בלאָנדע נעמילע און דינע־דינגע ליפעלעך ווי ראָזער אָוונטשניי (נייד.). זי וויל ניט, אַז די קינדער זאָלן שפּילן אין טאַטע־מאַמע (ש.־ע.). ער האָט ביי אונז אין קליינעם שטעטל אי גע־נעכטיקט אי געטאָגט (טייטש). איך וועל גיין אין אַלע גאַסן, איך וועל שרייען: „וועש צו וואַשן!" אַבי מיט דיר צוזאַמען זיין (פ. ליד). אַז משיח וועט קומען וועלן מיר מאַכן אַ סעודהניו (פ. ליד). כאָטש אַן אָרימע, פאָרט אַ מומע! (פ. ליד). נעכיי וואָלט זי מיך כאָטש געכאַפּט אַליין אַן עדות (ש.־ע.). אויב אַזוי, טאָ מעגן מיר דאָך טאַקע מנחה דאַוונען (אש). צי זיי פּאַסן, זעט (פרץ), זע נאָר, ווי ער האָט זיך צעבלוטיקט, דער קדיש דיינער! — שרייט דער טאַטע און נעמט מיך אָן ביי די פינגער אַזוי, אַז די ביינדלעך קנאַקן (ש.־ע.). דאָס ערשטע מאָל, פון זינט דאָס מעסערל איז מיינס, קומט מיר דאָסדאָזיקע שרעקלעכע וואָרט אויף די געדאַנקען (ש.־ע.). און טרערן האָבן זיך אים געוויזן אין די אויגן, וואָרים דאָס קול איז גע־ווען זעער זיס און שטאַרק (אַש). למאי האָט זיך ניט לאַנג געטראָפן נאָך אַ שע־נערע מעשה (ש.־ע.). מחמת איך האָב געהערט דערציילן, אַז פאַראַיאָרן איז ביי איר פאַרפוילט געוואָרן אַ קעלער עפּל (ש.־ע.). כאָטש דאָס לידעלע איז אַלט, נאָר ס'וועט ווערן ייִנגער באַלד, צי די סטרונעס אַלע אָן, ווייל דאָס לידל הויבט זיך אָן (וואַרש). ער האָט אי געשפּילט אי געדיריזשירט (ש.־ע.). זאָל זי מיר זאָגן, צי די מאַמע לעבט נאָך (פייגנ.). און רייכע לייט האָבן ליב לעקעך צו עסן, אָבער ניט לעקעך צו באַקן (פרץ). אַברהמעלע ווייס, אַז אַ בוים וואַקסט (ש.־ע.). פון זינט איך בין צו מיין שכל געקומען, געדענק איך ניט, איך זאָל זיין אַזאַ מיוחס ווי אַצינד (ש.־ע.). אַזוי זאָגט אַברהמעלע און די קינדער הייבן אָן טרעפן, וואָס וועט דער טאַטע זיי ברענגען אַ מתנה פונם מאַרק (ש.־ע.). קיין געלט לייזט זי סיי ווי סיי ניט (רייז.). זי האָט געוואַרט, ביז עס איז פינסטער געוואָרן, און זיי זיינען ביידע אהיים געגאַנגען (רייז.). און אפשר האָט זי אים ניט אַריינגע־שטעלט צווישן די עסערס דערפאַר, ווייל ער איז שוין זעער אַלט און האָט קיין ציין ניט אויף צו קייען (ש.־ע.). קייען קייט ער ניט, דערפאַר אָבער שלינגט ער ווי אַ גאַנז און כאַפּט (ש.־ע.). זי האָט געדענקט דעם טאַטען ווי דורך אַ חלום, מחמת זי איז אַלט געווען סך הכל זיבן־אַכט יאָר, בשעת ער איז געשטאָרבן (ש.־ע.). ניט איין טאָג, ניט צוויי און ניט דריי טעג האָט דער פראָסט געפּרוווט אָפּצושטעלן דעם טייך (רייז.). עס ווייס נאָר נישט, ווי און ווי אַזוי דאָס וואַקסט (ש.־ע.). די קרעטשמע איז געווען באַלעגערט אינדרויסן מיט פורלעך און וועג־לעך אַלערליי, אַ טייל ליידיקע, נאָר מיט אַ ביסל שטרוי, אַ טייל פאַרנומענע מיט מיני זאַכן און חפצים, סיי נישט קיין פאַרקויפטע, סיי געקויפטע, האָרטן אויפן מאַרק (מענדעלע). זיי האָבן אָפּגעשפּאָרט פון די נייטיקסטע באַדערפעניש, בכדי צו צאָלן פאַר משהלען שכר־לימוד, אַבי זייער משהלע זאָל קענען לער־נען, און דערמיט אַליין זיינען זיי געווען זאַט (מענדעלע). [אַ קאַשקעטל] ס'זאָל זיין אי פיין, אי שיין, אי גוט, אי וואָלוול, אי אַזוי... (ש.־ע.).

273. אפשר האָט איר באַמערקט אַזעלכע ווערטער, וואָס זיינען אַמאָל בינד־ווערטער און אַמאָל גאָר אומשטאַנדווערטער אָדער נאָמענווערטער? ווי שיידט מען

אונטער איין אַזוינע פאַלן, צי דאָס וואָרט איז באמת אַ בינדוואָרט? וואָסערע בינד־ווערטער באַנוצט מען ביי פאַרגלייכונגען? וואָסערע קענען אָנגערופן ווערן אַנט־קעגנשטעלנדיקע? וואָסערע בינדווערטער ווערן באַנוצט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער צייט פון אַ טואונג?

## XV. די קאָמע אין פּשוטן און צונויפגעזעצטן זאַץ.

### דערקלערונג.

1. דער פרילינג. דער פרילינג וועט קומען (פרוג). מיר פאָרן, מיר פאָרן קיין אַמעריקע (ש.—ע.). זי וועט גאָרנישט פאַרזוכן, גאָרנישט טעום זיין (פרץ). ס'איז דאָ אַ לאַנד, אַ ווייט לאַנד, זעער אַ ווייט לאַנד (ש.—ע.). שיינע, קליינע קינדער זינגען (מ. ל.). איך בין אַ שמיד, איך האָב אַ האַמער, אַ קאָוואַדלע און אַ שטעקן (דודל). די זון גיסט אַרונטער אירע ליבע שטראַלן אויף די פעלדער, אויף די בערג און גרינע טאָלן, אויף די שיינע, אויף די יונגע בלומען־קנאָספּן (אַד.)! זיי זינגען אַוועק אין אַ פינסטערע צייט, אין שווערע, אין ביטערע יאָרן (פרוג). וויינשל בלינצלען ממזרש, גנבהש, ווי מיט אויגן (ביאל.). דאָס ציגעלע איז געפאָרן האַנדלען, קויפן ראָזינקעס מיט מאַנדלען (פ. ליז.). סע שרייבט די זון אַ בריוועלע דער מאַמע־ערד אַראָפּ (דאבר.). זי האָט צוויי בלויע אייגעלעך און ברעמען לאַנגע, איידעלע (בייד.). די פייגעלעך זינגען אין וואַלד און אין טאָל (פרוג). ס'פייפט און ברומט דער ווינט (נאָמ.).

2. זע ביישפּילן צום § 54.

### אויספיר: § 56.

וועגן דער קאָמע אין פּשוטן זאַץ איז שוין גערעדט געוואָרן אין די פּאַראַגראַפן 52—51. איצט זאָל נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז די קאָמע ווערט געשטעלט ביים איבערחזרן דאָסזעלביקע וואָרט אָדער אַ גאַנצן אויסדרוק. אויב צוויי שכנותדיקע זאַצגלידער געהערן צו איין מין, ענטפערן אויף דערזעלביקער פראַגע און זיינען ניט פאַראייניקט דורך אַ בינדוואָרט — ווערן זיי אָפּגעטיילט איינס פון דעם אַנדערן דורך אַ קאָמע (ביישפּ. 1).

אין דעם צונויפגעזעצטן זאַץ טיילט זיך איין זאַץ אָפּ פון צווייטן דורך אַ קאָמע. די קאָמע ווערט אָבער דורכגעלאָזט, ווען די זאַצן זיינען קורצע, ניט קיין שטאַרק פאַרברייטערטע און ווערן צונויפגעבונדן דורך אַזוינע בינדווערטער ווי „און" „אָדער", „אי—אי" א. אַז. וו.

### באַמערקונג:

די אָנגעגעבענע כללים שעפּן נאָך לגמרי ניט אויס אַלע פאַלן, ווען מען דאַרף שטעלן אַ קאָמע אין פּשוטן אָדער צונויפגעזעצטן־זאַץ. זיי גופא, ד. ה. די אָנגעוויזענע כללים, נייטיקן זיך נאָך אין אַ ריי דער־גאַנצונגען, דערקלערונגען, אויסנעמען. דעריבער וועט איר דערווייל זיך נישט תמיד פונאַנדערקלייבן, ווען צו שטעלן די קאָמע, און ס'וועלן נאָך געמאָלט זיין אַפילע ספיקות און אומפּינקטלעכקייטן.

### אויפגאַבעס:

274. שטעלט צונויף אַ פּאָר פּשוטע זאַצן און אַ פּאָר צונויפגעזעצטע, וואו מען באַדאַרף באַנוצן די קאָמע. טראַכט צו אַ פּאָר צונויפגעזעצטע זאַצן, וואָס זייערע באַשטאַנדטיילן ווערן ניט אָפּגעטיילט דורך אַ קאָמע.

275. וואו פעלן דאָ קאָמעס?

מען דאַרף גיין לאַנג לאַנג (ש.—ע.). באַלד באַלד וועט זיך אָנרוקן אַ כמאַ־רע (מענדעלע). ס'לויפן ס'יאָגן שוואַרצע וואָלקן (נאָמ.). קיין זאַך אויף דער וועלט

האָב איך אַזוי ניט געגאַרט צו האָבן ווי אַ מעסערל ווי אַן אײגן מעסערל (ש.־ע.). פֿאַרן שלאָף האָב איך דאָס אויסגערײניקט אויסגעשײַערט אויסגעפּוצט גענומען דאָס שאַרפֿשטײנדל (ש.—ע.). דער גאַנג אַהין איז געווען לעבעדיק רעשיק בגראַנדע (מענדעלע). דער גאַנצער סאָפּעט שמאָרעט מיט די נאָזלעכער (מענדעלע). און דאָרטן ליגט מײַן מאַמע אַלײן און הוסט הוסט און בעט זיך (רײז.). אין שטוב איז אַ יאָמער אַ קלאָג (מענדעלע). אַלע אַלע שטעלן זיך אײַן פֿאַר מיר (ש.—ע.). אַ זון וואַקסט אַ געזונטער אַ וואוילער (פּרץ). איך פֿאַרשטעל דאָס מעסערל מיטן העמדל (ש.־ע.). גײ איך אַרום שול אַרום שול (פּ. ליד). מײַן מאַן מײַן מאַן איז ער געבליבן (פּ. ליד). ס׳קינד וועט שלאָפֿן און שווײַגן (פּ. ליד). און די שניטערס גײען אײלן. סערפּעס קאָסעס גלאַנצן קלינגען. אויף די טאָלן אויף די פֿעלדער הער איך זיסע שטימען זינגען (פּרוג). טו ווי דער הימל דער טײַך און די ווערבעס (יהואש). עס איז געוואָרן טרויעריק־טונקל פּראָסטיק (נאָמ.). חבֿרה שפּילעט זיך אָפּ קנעפּלט זיך אָפּ (מענדעלע). נאָכדעם ווישט זי אויס די אויגן רופֿט אָפּ מײַן ברודער אליהו אויף אַ זײַט (ש.—ע.). [איך וועל] תּמיד זײַן אַן ערלעכער אַן ערלעכער! (ש.—ע.) יאָסעלע שרײַט צאַפּלט זיך בײַסט דאָס בענקל פֿאַר ווײטאָג (דיג.) כ׳בין אויסגעפֿאָרן אויף אַלע שיפֿן איבער אַלע ימען (פּ.ליד). זײ קושן דיך טײַערע מאַמע (פּ. ליד). זאָלסט אונדז טאַקע בענטשן מיט הצלחה און מיט ברויט (וואַרש.). קײן מענטשן קײן ציגן קײן הינט ניט אין גאַס (קוו.). עס שווימט זיך דאָס שפּענדל און טראָגט ערגעץ וואו (קוו.). ער רופֿט ער רופֿט מײַן אַלט־באַקאַנטער ליבער צוג (רײז.). די לעצטע בלום איז שוין פֿאַרוועלקט פֿאַרדאָרבן (פּרוג). קומען קומען אָן צופֿליגן מלאָכימלעך מיט זיסע אויגן (פּרץ). ס׳איז דאָ אַ וועלט פֿון שײנקײַט פֿון בײמער בלומען גראָז (ר.). און ער גראָבט אַלץ טיפֿער טיפֿער וואַרפֿט די ערד אַרויס (נאָמ.). ניט דער ערשטער ניט דער לעצטער פֿאַלט ער אויפֿן פֿעלד (נאָמ). די האַרטע אָפּגעריסענע טענער פֿאָרן דורך די בײנער (פּרץ). דו ביסט נאָך יונג דו ביסט נאָך יונג געזונט און פֿרײַ (רײזען). דער אָרימער משוגענער האָט קײנעם ניט גערעדט קײן שלעכט וואָרט קײנעם ניט אָנגערירט מיטן מינדעסטן פֿינגער (פּרץ). פֿון יעדן לײַכטן געדריש פֿון יעדן לײַכטן שאָטן פֿון אַ צווײַג פֿון קלענסטן גרעזל האָט זיך מיר אַרײַנגעזאַפּט דורך די אויגן ווי דורך די אויערן אַ מין שוידער אַ שרעק (פּרץ). דעם גאַנצן טאָג האָט זיך געטראָגן אין הימל צום פֿאָדערפּאַלאַץ די ייִדישע תּפֿילה און די ייִדישע תּשובֿה קרעכצן קלאָגן און געווײנען; עס האָבן זיך געטראָגן אָפּגעריסענע פֿון דער נשמה אויסגעלײַטערטע דורך פּײַן און צער זינד און חטאָים (אַנסקי).

לויפֿט שוין ווינטל פֿײַל פֿון בויגן
אַ דערשראָקענער אַ נאַסער
לויפֿט באַהאַלט זיך אויף אַ בוים
זיצט און אָטעמט דאָרט נאָר קוים.
וועט שוין ווינטל צווישן צווײַגן
נאַכט אַ גאַנצע זיצן שווײַגן. (דאָבר.)

276. קוקט זיך צו צו די אָפּשטעלצײכנס און דערקלערט, פֿאַרוואָס זײ זײַנען דאָ פֿאַראַן, אויך פֿאַרוואָס זײ זײַנען ניטאָ.

אָרים איז ניט גוט, אָרים איז ניט גוט, לאָמיר זיך ניט שעמען מיט אונזער אײגן בלוט (פּ. ליד). די לאָמפּן ברענען און די שפּיגלען גלאַנצן (ש.־ע.). די מאַמע פֿײַערט און קאָכט, ווײנט זיך אויס, ווישט אויס די אויגן און בעט זיך באַלד אײבער (ש.־ע.). עס פֿאַרדריסט מיך און עס ברענט מיך און איך וויין (ש.־ע.). האָט ער אַ פֿולן קעלער מיט פּוטער און קעז. אַ בוידים מיט תּבֿואות, פֿלאַקס און פּעלכלעך (פּרץ). די בעקלעך רײטלען זיך ווי אַ פֿרישער פֿרימאָרגן, און דער אָטעם איז רואיק און שטיל און שמעקט ווי אַ פֿרישע עפּל (פּרץ). מיכל האָט פֿאַרשטאַנען,

פאַרריסן דעם קאָפּ אַרויף אויף דער פּלײצע, זיך געקראַצט אונטערן בערדל און
אַ זאָג געטאָן (ש.־ע.). איז אָנגעפאַלן אַ שניי פון הימל, אַ גרויסער שניי, האָט ער
די שטעגן פאַריאָגט, די וועגן פאַרשיט, און טעג און אפשר וואָכן וועט קיין אורח
איבער דער שוועל ניט קומען (פרץ). דער טאַטע מיט אַ יאַרמלקע אויפן
קאָפּ זיצט איבער אַ ספר, לערנט און הוסט, הוסט און לערנט (ש.—ע.).
נאָכדעם האָב איך דאָס גענומען אויסגלעטן, איבערשנײַדן אַ שטיקל פּאַפּיר, אי־
בערהאַקן אַ שטרוי אויף דער האלב און ערשט נאָכדעם צעשנײדן מײַן חלק ברויט
אויף קלײַניטשקע, קלײַניטשקע שטיקעלעך, אָנשטעכן אויפן שפּיץ פון קלײנגל און
ערשט נאָכדעם לײגן אין מויל אַרײַן (ש.—ע.). טיף אין וועלדעלע שטייט אַ בײ־
מעלע און די צווייגעלעך בליען, און די צווייגעלעך בליען (פּ. ליד). איך האָב
ליב זײַן קאַלטן ווינט, וואָס ער פּאַטשט אין האלז און נאַקן, ווען פון פאָרנט
קושן, הלובען זיסע ווינטלעך מײַנע באַקן (ביאַל.). די אויגן פאַרמאַגן צווײ
פינטעלעך, וואָס גליען און פינקלען און טוקן זיך. און עפּעס ווי נביאיש און
וואונדערלעך פאַרטראַכטן זיך טיף און פאַרקוקן זיך אויף נעכטיקע טעג און
אויף פייגעלעך (ביאַל.). ווען די וועלט איז אין חלום פאַרזונקען, ווען ס׳שפּאַלט
איבער אַ העלפט זיך די נאַכט, שטייט אויף פון געלעגער דער קיניג, זײַן הײלי־
קע האַרפע ערוואַכט (יהואש).

277. וואו פעלן דאָ קאָמעס?

קומט דער ליבער זומער שפּילן מיר אין זאַמד (פּ. ליד). די באָבע האָט אָנ־
געהויבן צו דרימלען מיט אַמאָל איר חלום וועל איך אײַך דערציילן אַן אַנדערס
מאָל (וואַרש.). אויפן צווײַגעלע שטייט אַ פייגעלע און דאָס פייגעלע פּישטשעט
און דאָס פייגעלע פּישטשעט (פּ. ליד). איך האָב געמײנט זי בלײַבט בײַ אונז (ש.־
ע.). מײַן טאַטע איז געשטאָרבן דעם ערשטן טאָג שבועות און איך בין געבליבן אַ
יתום (ש.־ע.) דאָס איז די אײנציקע מצוה וואָס זיי קענען מקיים זײַן אין דאָרף
(פרץ). בערעלע האָט גענומען שרײַבן דער ערשטער יאַנקעלע איז געשטאַנען און
געקוקט (רייז.). און די זיבן יאָר האָבן זיך ניט אויסגעלאָזט כל־זמן טוביה מיט זײַן
ווײַב סערל האָבן געלעבט (פרץ). זיי האָבן ניט געוואוסט פון וואַנעט דאָס האָט
זיך גענומען מיט אַמאָל אַזויפיל סאָלדאַטן (אַש). אין שטאָט איז אַ שרפה גע־
ווען זײַנען זיי געקומען צו אים צוגאַסט (פרץ). די נאַכט רוקט זיך אָן נענטער
און נענטער די בלאָטע ווערט וואָס ווײַטער אַלץ אָפּטער (ש.־ע.). די זון איז פון
לאַנג שוין פאַרגאַנגען און דאָך איז דער הימל אַלץ רויט מײַן האַרץ איז איצט
פול מיט פאַרלאַנגען איך בין ווייגען און לאַכן איצט גרייט (סעג.). אָפּט האָט ער
געהערט ווי באַקאַנטע האָבן געזאָגט זײַן טאַטן אַז איז משהלה אַ טײַער קינד (ספּ.)
אַז איר ווילט קען איך אײַך אויסלערנען (ש.—ע.) איך ווייס אַז איצט וועט ער
מיך ניט אָנרירן ווייל איך בין א יתום (ש.־ע.). און געשעען איז די מעשה פאַר־
צייטנס ווען עס זײַנען נאָך אַזויפיל שטעט און דערפער ניט געווען (פרץ). פיניע
הייסט „קלעצל“ דערפאַר ווייל ער איז גראָב און קײלעכדיק ווי אַ קלעצל (ש.־ע.).
ער קוקט זיך אום נאָך בערלען בערל איז שוין לאַנג ניטאָ און דאָ נעמט אים אָן
די שררהטע בײַ דער האַנט (אַש). ווי ער איז אַזוי מתפּלל דערפילט ער אַז עמעץ
גיט אים א צי פאַר דער פּאָלע (פרץ). האָבן זיי ערשט פאַרשטאַנען אַז דאָס איז
געווען אליהו הנביא און [זיי] האָבן געהאַט א פריילעכן יום־טוב (פרץ). סאַטיע
כאַפּט פיש דאָס ווײַב זײַנס שטריקט נעצן און פירט די שטוב די קינדערלעך
וואַלגערן זיך אין זאַמד און זוכן בורשטין (פרץ). איך מיט מײַן ברודערל האָבן
זיך גענומען אָנטאָן אין די יום־טוב־דיקע קליידער ווייל מיר האָבן געדאַרפט גיין
צום זיידען ער זאָל אונז בענטשן אויפן נײַעם יאָר (פייגנ.). זי שפּרייזט און עס
לויפן איר נאָך אַלע שטראַלן זיי זאַמלען צונויף זיך בײַ איר אויפן קאָפּ זיי קושן
און גלעטן די גאָלדענע לאָקן די ברעמען וואָס פאַלן פון מידקייט אַראָפּ (סעג.).
איך זע אירע קליינינקע דאַרינקע הענט איך קוק אין די אַלטינקע טונקעלע אויגן

(פרוג)· דער הימל און די געסעלעך זיי סודן זיך פאַרטראַכט די שטערנדלעך ווי דימענטלעך זיי לייכטן צו דער נאַכט (אד׳)· ווי דער צער זאָל זיין ניט גרויס תמיד קען מען אים פאַרוויגן אין דער מאַמעס שטילן שויס (איינ.)· וואו נאָר ס׳קען דאָס אויג דערגרייכן גלאַנצט גאָטס וועלטל שעמערירט··· ס׳איז דער פראָסט אַליין דער מושל שטאַרק און קרעפטיק איז דער ריז ס׳דינען קעלט און שיין צוזאַמען (ביאַל׳)· ווען איך זע אייך שמינקלענדיק קומט אַ חלום פינקלענדיק רעדט אַן אַל־טער טרוים (מ׳ ר׳)· ווען זי האָט געפונען שוין וואָס זי דאַרף אין זונענשיין אַר־בעט זי אין פינסטערניש זיסן האָניק אויס (יהואָש)·

באַדעקט האָט דער ווייסער דער זילבערנער שניי
די וועלדער די בערג און די טאָלן·
עס גלענצן די ביימער עס הענגען אויף זיי
די צווייגן ווי העלע קריסטאָלן·
די יונגינקע ווערבע ביים ברעג פונם טייך
די סאָסנעס די שטאַרקע די אַלטע
אין ווייסע תכריכים האָט אָנגעטאָן גלייך
זיי אַלע דער ווינטער דער קאַלטער (פרוג).

## פ ר י ל י נ ג·

דאָס טייבעלע וואָרקעט
דאָס טייבעלע רופט:
„שטייט אויף קינדער! ליכטיק
און פריש איז די לופט.
עס ציען זיך ציען
פון הימל און פאַלן
ווי גאָלדענע פעדים
די וואַרימע שטראַלן.
דאָס בינעלע זשומעט
און זויגט אָן אַ מאָס
די זאַפט פון די רויזן
דעם טוי פון דעם גראָז.

די פייגעלעך זינגען
אין וואַלד און אין טאָל
עס הערן זיך לידער
ארום אָן אַ צאָל·
די פישעלעך שווימען
אַרויף אויף די וועלן
זיי טאַנצן אין וואַסער
זיי שפרינגען זיי קוועלן·
עס בליען די ביימער
עס שפראָצן די בלומען
צו אונז איז דער פרילינג
דער פרילינג געקומען״.

*(שמעון־שמואל פרוג)*.

## א ל ב נ ה־נ א כ ט· .278

פאַרהילט האָט דעם וועלדל אַ זילבערנער נעבל·
באַהאַלטנדיק דאָרטן אַ שטיק פון דער נאַכט.

15*

און איבער די פעלדער, די בלייכלעכע שטרעקעס,
געשוועבט האָבן מערנישט ווי שאָטנס פאַרטראַכט.
פאַרוויגנדיק שטיל זיינע זילבערנע וועלן,
האָט ערגעץ אַ טייכל געשוואומען פאַרבענקט
און שווימענדיק נעצן געפלאָכטן פון שטראַלן,
וואָס האָט אים די קאַלטע לבנה געשענקט.
פונוויטן געצאַנקט האָבן פייערלעך קליינע,
דאָס האָט ערגעץ שטיל וואו אַ דערפל גערוט,
אין לופטן געווייט האָבן וואַרימע ווינטלעך
און ליבלען געסודעט: „ווי אַלץ איז דאָ גוט!".

(דוד איינהאָרן).

# איבערחזרונגען.

## א. וועגן וואָרט־קלאַסן.

**א ו י פ ג א ב ע ם:**

279. אין וואָסערע גרופעס, מינים, קלאַסן האָבן מיר צעטיילט די מענטשלעכע שפּראַך? רעכנט מיר אויס אַלע וואָרט־קלאַסן. וואָס איז אַקאָרשט אַ וואָרט־קלאַס? וואָס איז דער חלוק פון אַ וואָרט־קלאַס ביז אַ זאַצגליד? וועלכע וואָרט־קלאַסן זיינען ניט קיין זאַצגלידער? וואָסער זאַצגליד קען זיין אַ הויפּטוואָרט? וואָסער זאַצגליד קען זיין אַ ביוואָרט? וועלכע וואָרט־קלאַסן ווערן ניט געבייגט? וועלכע זיינען בייגעוודיקע?

280. קלייבט זיך פונאַנדער אין די וואָרט־קלאַסן.

און 'דאָס מעסערל מיינס האָט מען פאַרוואָרפן, פאַרוואָרפן אַזוי ווייט, אַז איך האָב דאָס 8 טעג כסדר געזוכט און האָב דאָס ניט געקענט געפינען אין ערגעץ! צו וועמען וועל איך זיך קערן און ווענדן? עלנט בין איך געבליבן אָן דעם האָרבאַטן מעסערל, עלנט ווי אַ יתום, און קיינער האָט ניט געזען מיינע טרערן, וועלכע איך האָב שטילערהייט פאַרגאָסן ביי זיך, אויף מיין בעטל ביינאַכט, קומענדיק פונם חדר (ש.־ע.). און איבער דעם בערגל, וואו די ווינטמיל שטייט מיט אַן אויסגעשטעלטן פליגל איבערן קיילעכדיקן דעכל, ווי מיט אַן אויסגעצויגענער האַנט אין הימל אַריין, טוקן זיך עטלעכע ווייס־פאַרטראַכטע וואָלקנדלעך אין דער בלויער לופט און קוקן אַראָפּ מיט אַ שטילער אויפמערקזאַמקייט, ווי קליינע קינדער, וואָס גייען פאַרביי פאַר עפּעס און פאַרטראַכטן זיך (ווייס.). לאַנג פאַרבלייבן אין שפּיטאָל האָט ער ניט געקאָנט: אויף זיין אָרט האָבן געוואַרט הונדערטער און טויזנטער. מען האָט אים איבערגעשיקט אין אַ קלענער שטעטל, ווייט אַרויף אין רוסלאַנד. דאָרטן איז ער נאָר געווען אַ חודש. ער האָט געוואַרט, ביז דער טאַטע וועט קומען און אים אַהיים נעמען (אַש). ליגנדיק בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן מיט אַ זיסן שלאָף פון אַ צוועלפיאָריקן קינד (פייג.). אויף אַ לאַנגער באַנק אַקעגן ביי אַ ברענעדיק חלבדיק ליכטל שאָקלט זיך משהלע איבער אַ תהילימל. אַ שטיל געבעט מיט זודיקע געפילן, הייסע טרערן גייט אים טיף אויס דעם האַרץ, טראָגנדיק זיך צום גנעדיקן באַרימהערציקן פאָטער אין הימל. ער וויינט, ער בעט

טראַכטנדיק אין זיך: „אָ, רחמנות, האָב רחמנות, הײליקער פאָטער! אָ, טו אַ נס, אַלמעכטיקער גאָט! שענק מיר און די קלײניטשקע קינדערלעך, וואָס ליגן פאַרשמאַכט נעבעך דאָ אין ווינקל — אָ, שענק אונז דעם טאַטען!” דערפאַר זאָגט ער צו גאָט בײַ זיך אין האַרצן צו טאָן ווײַן געבאָט און דינען אים געטרײַ (מענדעלע).

מנחה־צײַט. אַ געשמאַק ווינטעלע הײבט אָן צו בלאָזן און אויפן הימל ווײַזן זיך שטיקלעך וואָלקן, אויף וועלכע מען האָט ווי אויף טײַערע געסט שוין אַ לאַנגע צײַט אַרויסגעקוקט. די בײגער הײבן פאַמעלעך זיך אָן צו שאָקלען, אײנער צום אַנדערן אײַנבײגן דעם קאָפּ און פֿירן צווישן זיך אַ שמועס אויף זײער לשון, נאָכדעם אַז זײ האָבן שוין לאַנג געשוויגן שטיל. דאָס ווינטעלע האָט אויפגעוועקט די שלאָפעדיקע תּבֿואה, אַלע זאַנגען כאַפּן זיך ווי יונגע קינדער אויף מיט אַ קול און צעקושן זיך גאָר פרײַנדלעך. גאָטס באַשעפעניש רירט זיך אומעטום: אויפן פעלד, אין וואַלד און אין דער לופט. אײנס נאָך דאָס אַנדערע טרעטן שפּילפײגעלעך אַרויס, אויף צווײַגעלעך, בײמלעך, נידעריק און גאַנץ הויך, פּוצן זיך די פעדערלעך, אַ וויש מיט דעם שנעבעלע, אַ טרעסע, אַ שאָקל, און הײבן אָן די זיסע זמירות צו זינגען, צו סווישטשען. באַבאָטשקעס, רײַך געקלײדט אין אַטלעס, סאַמעט, מיט טײַערע צירונג כאַפּן אַ טענצל שוועבנדיק אין דער לופט, הײבן זיך, דרײען זיך און מאַכן חן. צווײ בושלעס, גוואַרדײצעס, מיט לאַנגע רויטע פיס שטײען אויפן גראָז פאַררײַסנדיק די קעפּ אין דער הויך און קוקן מיט גדלות. עפּעס אַ קונדס אַ פויגל שטיפט, פליט פון אײן בוים צום אַנדערן, מאַכט: „קוקו, קוקו!” ווי ער שפּילט זיך אין באַהעלטעניש. אים ענטפערט אָפּ פון צווישן ווײַץ און קאָרן אַן אַנדער מין פויגל עפּעס: „פּיק־בער־וויק! פּיק־בער־וויק!” ווי גערעדט: אײביק וועסטו מיך דאָ ניט כאַפּן, כאָטש שיט מיר אָן זאַלץ אויפן עקפּאַקט זיך, ר׳ קרוב, ווײַטער און אַוועק, אַוועק! ניט ווײַט אין אַ וועלדעלע קנאַקט דער סאָלאָווײ, צעלאָזט זיך אויף זײַן העלזעלע, מאַכט זיסע שטײגער און שפּילט גאָר מחיה, איטלעכער, וואָס קען נאָר עפּענען אַ מויל, האַלט דעם באַרימטן חזן אונטער. זשאַבעס אַפילו פון די טײַכלעך ערגעץ טערעלײקען, אַפילו פליגן, בינען האָבן ניט געשוויגן. און דער זשוק, דער שײגעץ, דער אָנכאַפּער, האָט פליענדיק אויך געזשווזשעט. דאָס איז געווען אַזאַ קאָנצערט, וועלכן מען האָט געמעגט אויף בילעטן גײן הערן....

(מענדעלע מוכר ספרים).

# ב. וועגן אויסלייג.

## א ו י פ ג א ב ע ס.

281. קוקט זיך צו צום אויסלײג און דערקלערט אים.

אָרימער דאַך! וואָס קנאַקסטו? (שפר.). כאַפּט זיך טאַקע שמערל האָלצהעקער אויף נאָך האַלבער נאַכט אַן אָפּגעקאָכטער און אָן אָטעם, גיסט געשווינד אָפּ די נעגל, כאַפּט אויף זיך דאָס כאַלאַטל און לויפט אַ באָרוועסער פון טרוקענעם גיהנם אַרויס (פּרץ). די שנאָבלען פאַררוקט אין די פליגלען (סעג.). חיים־יונה איז אַ וואויללערנער און אַ גאָטספאָרכטיקער (פּ.). אך, ווי שײן דאָ איז אין דער וואַסערשטוב! (ש.—ע.). נאָך אַ טאָג פריער האָבן זיך די וואַסערפויגלען פון דער אַמעריקאַנער זײט געוויזן (אַש). עס רוישט און קאָכט די לופט און וויל דעם קאָפּ אַרונטעררײסן (אַש). מען באָדט זיך (סעג.). ווי טײט מען דעם ווײטאָג? (סעג.). און אַז דו עסט לאָקשן מיט יויך, זאָלסטו אָננעמען מיט דער לעפל פונקט אַזויפיל לאָקשן וויפיל יויך (ש.־ע.). ער איז פעסט פונם שטורים פאַרריגלט (יהואש). שעהן קומען אָן, פאַר־

רינעֶן (מ. ר.). געֶשוויגן הייסט אויך געֶרעֶדט (שפר.). אַז מעֶן טוט אַ הונט גוטס, בילט עֶר (שפר.). אז מעֶן היט אָפּ פרעֶמדס, קומט מעֶן צו אייגנס (שפר.). אַז מעֶן רעֶדט אויס אַן עין־הרע — שאַדט ניט (שפר.). עֶר איז גאָרנישט געֶווינט צו אַזאַ אויפפירן (פרץ). גאָלדעֶ די פישעֶרין האָט געֶוואוינט אין שכנות מיט אַנטאָניעֶ יאַכטאָוונעֶ אין דעם קליינעֶם חורבהדיקן הייזל, וואָס אויף יעֶנעֶר זייט טייכל, וואו די ווייבעֶר וואַשן די וועֶש (אַש). דעֶר דלות פאַרשוועֶנדט, וואו עֶס ארבעֶטן די העֶנט (שפר.). ברעֶכט זיך אַ רינג — צעֶרייסט זיך די גאַנצעֶ קייט (שפר.). מיט שווייגן פארדעֶדט מעֶן זיך ניט (שפר.). יעֶדעֶר ייד האָט זיין פעֶקל (שפר.). בעֶסעֶר אַ ביטל און רעֶכטס איידעֶר אַפולעֶ און שלעֶכטס (שפר.). די שטים מיט די אַלעֶ באַוועֶגונ־געֶן זיינעֶ האָבן אַלעֶמעֶן איבעֶרראַשט (דיג.). אַנטקעֶגן אים פאָכט הייזעֶריקלעֶך אַ לעֶדעֶרנעֶר געֶלאַטעֶטעֶר בלאָזזאַק (מעֶנדעֶלע). אַז מעֶן רעֶדט, דעֶררעֶדט מעֶן זיך (שפר.). פון דעֶר שול זיינעֶן זיי אַהיים געֶגאַנגעֶן גלייך, אויפן טיש איז שוין געֶ־שטאַנעֶן לעֶקעֶך אַ סך, און די אייניקלעֶך האָבן געֶוואַרט שוין פון אינדעֶרפרי — אַכציק עֶר און זיבעֶציק זי! (וואַרש.). און וואו דו לייגסט דיין קאָפּ ניט אַנידעֶר, אויפן גינגאָלדעֶנעֶם ווייכן מאָך, אויף גאָלעֶר עֶרד, אויף אַ האַרטן, דאַכט זיך, שטיין — שלאָפסטו אַלץ רואיק און געֶזונט איין... שמעֶקעֶדיקעֶ לופטלעֶך שוועֶבן דיר אַרום פנים, רוימעֶן דיר די שעֶנסטעֶ חלומות אין אויעֶר אַריין און ווינטשן דיר: „שלאָף, גוטעֶר מעֶנטש, שלאָף — דאָ וועט דיר קיין בייז ניט געֶשעֶעֶן". (פרץ). עֶס שטייעֶן די שניטעֶר אין פעֶלד און זיי שניידן. עֶס בלישטשעֶן די סעֶר־פּעֶס אַ בליץ נאָך אַ בליץ. עֶס פּלעֶסקעֶן אין טייכל זיך זילבעֶרנעֶ פישלעֶך און בעֶטן אויף רעֶגן אין בלאַנקעֶנדעֶר היץ (טייטש).

שאַ, שטיל איז סליחות־צייט אין דעֶם וואַלד ווי אין שטעֶטל שבת, ווען דעֶר עולם שלאָפט נאָך מיטאָג, און די שטילקייט דאָרט וואַרפט אַ מרה־שחורה. די ביימעֶר שטייעֶן פאַרטראַכט, פאַרזאָרגט, גאָר ניט זיעֶר פנים, דאָס געֶשטאַלט, וואָס פריעֶר. זייעֶר שאָקלעֶן מיט די צווייגן — דאָס איז אַ ברעֶכן מיט די העֶנט; זייעֶר זשומעֶן — דאָס איז אַ ביטעֶרעֶר יאָמעֶר, אַ זיפצן, אַ קרעֶכצן פון אַ געֶטרייעֶר מוטעֶר, וואָס בלייבט איבעֶר אַליין, נאָכדעֶם ווי איר עֶ קינדעֶר צעֶפאָרן זיך אין אַלעֶ זייטן. דאָרט, וואו עֶס האָט עֶרשט געֶלעֶבט, זיך געֶרעֶשט, געֶזונגעֶן, געֶשפרונ־געֶן אין איטלעֶכן ווינקעֶלעֶ, איז אַצינד שטיל, רואיק ווי אויף אַ בית־עולם. ניטאָ די פריעֶרדיקעֶ לעֶבעֶדיקייט, די פרישקייט און אויפגעֶראַמטקייט. אַלצדינג שטייט עֶפּעֶס ווי ברוגז, זעֶעֶר אומעֶטיק. דעֶר הימל קוקט אויך ניט פריינדלעֶך און איז עֶפּעֶס שטאַרק אָנגעֶבלאָזן. וויסט איז די נעֶסט — די פייגעֶלעֶך זיינעֶן זיך צעֶ־פלויגן... פאַרזאָרגט, פאַרטראַכט שטייט דעֶר וואַלד, גלייך ווי עֶר פילט, אַז דאָס אויפהייבן זיך און אָנוועֶקפליעֶן פון זיינעֶ שפילפייגעֶלעֶך באַווייזט ניט אויף גוטס. עֶר מעֶג זיך ריכטן, אַז באַלד, באַלד וועט זיך אָנרוקן אַ כמאַרעֶ — דעֶר ווינטעֶר מיט זיינעֶ ביטעֶרעֶ קעֶלטן, און עֶר איז אַצינד דעריבעֶר פאַראומעֶרט, שטאַרק באַ־טריבט (מעֶנדעֶלעֶ).

282. ווייזט אָן, וועֶלכעֶ וועֶרטעֶר ווערן געֶשריבן (אין דעֶר פריעֶרדיקעֶר אויפגאַבעֶ) אַנדעֶרש, ווי זיי וועֶרן אַרויסגעֶרעֶדט? אין וואָסעֶרעֶ וועֶרטעֶר שטימט בכלל קיינמאָל ניט דאָס ארויסריידן זיי צו זייעֶר אויסלייג? און אויב מעֶן וואָלט שוין די וועֶרטעֶר, וואָס שטאַמעֶן אָפּ פון לשון קודש, שרייבן פונקט ווי אַלעֶ איבעֶריקעֶ, קעֶן מעֶן שוין זאָגן, אַז מיר שרייבן אויף דאָס וואָרט שטעֶנדיק אזוי ווי מיר ריידן עֶס אַרויס? פאַרוואָס קעֶן מעֶן ניט שטעֶנדיק שרייבן פונקט אַזוי, ווי מעֶן רעֶדט אַרויס? ווייסט איר די מעשה מיט „טאָפּעֶלעֶ טוטאריטוטו"?

## ב. וועגן אָפּשטעלצייכנס.

283. וואו קומען דאָ פּינטעלעך, אויסרוף־צייכנס און פרעגצייכנס?

ווייט פון דער גרויסער וועלט ליגט מיין היים צווישן קרומע בלאָטיקע וועגן ציען זיך פון דאָרטן וואוהין פירט אָט דער גלייכער טרוקענער טראַקט (פייגנ.). וואָס זאָגט איר אויף אַייער תכשיט אַצינד גלויבט איר שוין די ווערטער האָבן געהערט צו דער רופאטע איך האָב דערקענט איר מאַנסבילשע שטים (ש.—ע.). צוויי גרויסע טרערן האָבן זיך איר באַוויזן אין די אויגן זי האָט אָנגעהויבן איר קאָפּ אויף זיין געזיכט און געקושט זיין שטערן אירע טרערן האָבן נאַס געמאַכט זיין געזיכט (אַש). און פון וואַנעט האָבן זיי געזאָלט וויסן מער? (פרץ). די ביימער דרעמלען אזוי מיד און פאַרחלשט פון דער היץ די הינטערשטע צווייגן הענגען אַראָפּ און קוקן שטום אויף די בערגלעך ערד אויפן גראָז ליגן דיקע שאָטנס עטלעכע גרעזלעך האָבן פלוצלונג אַ ציטער געגעבן (ווייסנ.). איך קען שוין די וועטשערע ניט עסן די מאַמע טאַפּט מיך ביים קאָפּ דער טאַטע וואַרפט אויף מיר בייזע אויגן און שיקט מיך אָפּ שלאָפן איך קען דען צומאכן די אויגן איך בין אַ טויטער וואס טוט מען מיטן מעסערל ווי אַזוי לייגט מען דאס אנידער צוריק (ש.—ע.). פאַרוואָס איז ער אַזאַ גרויסער קבצן אַ מענטש שאַרט רענדלעך פון דער פּאָדעשווע און האָט ניט מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר דער אַכסניא (פרץ). די זון שיקט אונז אַלע איר וואַרימען שיין צי דאַרף מען דען רייכקייט אויף גליקלעך צו זיין (פיכ.). פיל קינדערלעך אין וועגעלע ווי דער מאָן אין זאַק שמייסער, די לייצעס נעם און די בייטש און קנאַק (פרץ). אַ שפּאַציר אין וואַלד אַריין מיט די פייַלנבויגן האָבן פייגעלעך דערזען און אַוועקגעפלויגן (פרץ). איך האָב נאָך גאָרנישט אויסגעגעבן און עס פעלט מיר שוין עס פעלט מיר אַ צענערל צי האָב איך עס פאַרלאָרן (פרץ). און וואַסער צו וואַשן האָט איר — פרעגט דער קונצנמאַכער — איך קען ברענגען וואַסער אויך (פרץ). וואָס ביסטו געבליבן שטיין ווי אַ לייַמענער גולם פאַרוואָס גייסטו ניט אין חדר אַריין גיי. מען וועט שוין מערנישט געבן גאָרנישט גדליה דער שוסטער לאָזט זיך גיין און קערט זיך אום צוריק איר ווילט, הייסט דאָס, „נעפּרעמענא" אויף פסח? (ש.—ע.). וואָס שטייט איר אין אייַנע יסורים ס'איז דאָך היינט פורים לאָמיר מאַכן אַ כוסע און דווקא אַ גרויסע (ש.—ע.). וואָס פּיקט איר צי איז אייך נישט גוט אונטער דער מוטערס שויס (פרץ), ווערסט מיך נישט אַראָפּפירן פון וועג עס איז נישט קיין גאָטזאַך, גאָט מאַכט נישט קיין חוזק פון מענטשן (פרץ). עס ווילט זיך אים אויסשרייען: „גוואַלד, גיט כאָטש אַ קוק אויף מיר איך בין דאָך אַ מענטש" — דעם געשריי דערשטיקט ער אָבער אין האַרצן (רייז.). מאַכט פון שקלאַפעריי אַן ענד דערהייבט אייך מאַן פאַר מאַן מאַרשירט מיט אונז אין אייַניקייט צום קאַמף מיט דעם טיראַן (ווינטש.). אפשר מיינט איר, אַז ס'איז ניטאָ קיין בתי־מדרשים מיט קיין שולן אהא, נאָך וואָסערע שולן איין שול איז דאָ אַ טערקישע איר מיינט, דאָרטן דאַווענען טערקן ניין! דאָרטן דאַווענען יידן, די אייַגענע יידן וואָס מיר (ש.־ע.).

284. אין די פאָלגנדיקע בייַשפּילן דערקלערן, פאַרוואָס ס'שטייט דאָ אָדער פאַרוואָס ס'איז דורכגעלאָזט דער אָדער יענער אָפּשטעל־צייכן.

ווען דו ווייסט, אָ זילבערוואָלקן, זען מיין ליבע, גוטע מאַמע, גריס איר האַרציק אין מיין נאָמען. און פאַרגעס נישט, זילבערוואָלקן, איר צו זאָגן, אַז מיר בענקט זיך נאָך דעם שטילן, נאָך דעם ליבן קליינעם שטעטל, וואו מיין וויגל איז געשטאַנען, וואו זי האָט מיך אייַנגעשלעפערט מיט אַ זיסן קינדערלידל (אַד.). ווען דו ווילסט וויסן, ברודער האָן, דעם רושם, וועלכן איך מאַך אָן, דאַן גיב אַ קוק אויף איר קאָליר און זע, ווי בלאַס זי איז, בשעת איך בייזער זיך אויף איר (יהואש). אַ הונט לאָזט מען בילן און מען גייט זיך וויַטער (שפר.). ווער קען זיין שמחה פילן, ווער קען זיין פרייד פאַרשטיין? (מ. ר.). איך זאָל

זיך ניט שעמען, וואָלט איך אים אַרומגעכאַפּט קושן. נאָר כי־כי־כי — ווי אַזוי קושט מען א טאַטען? (ש.־ע.). פונדערווייַטן האָט זיך געהערט אַ שטילער דונער, ווי מ׳וואָלט ערגעץ אויף אַ בוידים געקייַקלט קליינע שטיינדעלעך (נאָמ.). רייַן געטובלט, פריש געצוואָגן שלאָפט דער דונקל־גריגער וואַלד. דאָ און דאָרט אַ רעגן־טראָפּן ווי אַ דימענט בליצט און שטראַלט (יהואש). אַ ווילדער פּרייַדגעשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון אלע מייַלער אַרום און אַז די פּאַליע פון די ווילדע געשרייען איז אַריבער, פרעגט מען די פּאַרמשמעטע צום טויט, אויב זי האָט זיך נישט עפּעס וואָס צום לעצטן מאָל צו ווינטשן (פּרץ). מען לויפט אין פרעמדע שטיבער זיי אַוועקצולייגן אין פרעמדע בעטן, צו פרעמדע קינדער. דאָס פייַער יאָגט די מענטשן פון די הייַזער, טרייַבט זיי אַרום ווי ווילדע רוחות און טראָגט זיך פון דאַך צו דאַך (אַש). רבונו של עולם! וואָס ליגט אזוינס אין דייַן הארטער באַנק אין בית־מדרש, אַז דער, וואָס נעכטיקט אויף איר איבער אַ נאכט מיטן קור־לאַק צוקאָפּנס, שטייט דעם אַנדערן טאָג אויף עפּעס גאָר אַן אַנדער מענטש, ווי נייַ געבוירן? (מענדעלע). גענוג געהוליעט אויף דער וועלט, אַרומגעפלויגן פרייַ און גליקלעך ווי אַ פויגל, פריש און פריילעך ווי דער ווינט. און אַברהמל דער באַהעלפער האָט מיך אייַנגעהילט, פּאַרוויקלט אין אַן אַלטן טלית־קטן און אַוועק מיט מיר אין חדר (פרוג).

פ ר י ל י נ ג.

דו זעסט, די ערד האָט זיך באַפרייַט
פון שלאָף — פון פראָסט און שניי!
דו זעסט, די ערד האָט זיך באַנייַט
און לעבט און אָטעמט פרייַ;
ווי מיט דער שטאָר־פּאַרהאסטער פּעל
האָט לייַכט געמאַכט אַן עק
דער בלויער טייַך! און אויף דער שטעל
טרייַבט ער אַליין זיין וועג!
אָפּגעשאָקלט האָט דער וואַלד
דעם שניי און בליט און שפּראָצט,
און אויך דאָס שוואכסטע גרעזל שפּאַלט
זייַן „אונטער־דרערד” און גלאָצט
און זוכט די זון, די פרייַע וועלט
און ציט און זויגט זייַן גליק!
און הערסט, ווי איבער בערג און פעלד —
„ציריק! — ציריק! — ציריק!”

(פּרץ).

285. צעשטעלט אָפּשטעלצייכנס.

1) פּאַרנאַכט אַז חיים־יונה דער תלמוד־תורה־מלמד האָט צעלאָזט די תל־מידים אהיים זייענען זיי געגאנגען מקבל־פּנים זיין כתריאל דעם וואסערפירערס פערדל דער ערשטער האָט ארויסגעזאָגט זיין מיינונג ראובעלע אַז דאָס פערדל איז אן אויסגעצייכנט פערדל עס וועט געבן סטרונעס פון ווידל וויפיל מען וועט באַדאַרפן — א סימן, אָט וועלן מיר באַלד א פּרווו טאָן און ראובעלע האָט זיך פארגנבעט צו מתושלחן פון אונטן און האָט אנגעהויבן צו שלעפּן ביי אים האָר פון ווידל (ש.־ע.). וואַרף נאר ברודערל א בליק אויף יענע בריק (ריוו.). וואָס דאַרפט איר מאדאַם אזויפיל קלעמען מיט זיי זיך שעמען (ריוו.). אך ווער זייט איר ליבער ייד וואָס פּאַרצייַלט מיר אייער ליד (ר״ז.). און די בערגלעךציט זי איבער מיט א סאַמעטל א גרינעם און באַקוועקזילבערט די טייכלעך ווי א שפּיגל־גלאַז אַ דינעם (טשאַרני). טאַטע איך האָב מיט זיך א פייפל איך וועל א פייף טאָן

(אנסקי). וואָס בין איך שולדיק אז איך בין צו שפּעט געקומען (פרץ). טרעפט קינדער וואָסער יום־טוב איז דער בעסטער פון אלע יום־טובים (ש.־ע.). נו בחורל באַדעק דיך און קום אהער (פרץ). וויינט ניט יונגע בלימעלעך איך האָב אייך אָנגעריסן איך זאָל אַליין מיט טרערן אייך באַנעצן און באַגיסן (סעג..) זאָג־זשע רביניו וואָס וועט זיין אַז משיח וועט קומען (פ. ליד). ווער וועט דיך מיין קינד מאַכן פאַר אַ מענטשן ווער וועט דיך מיין קינד אונטער דער חופּה בענטשן (פ. ליד). אי העגדעלע האָסטו אַ כלי אַ הילכיקע אַ וואוילע... און דו קוקוק זינגסט שיין אַ גוואַלד... (ריוו.). גאַנץ אָפט רבותי זעען מיר אַז עס וויל אַ קבצן לעבן ווי אַ גביר (ריוו.). קינדער איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה מיט אַ פּאָן ווי אַזוי איך האָב באַקומען אויף שמחת תורה אַ פּאָן ווי שווער זי איז מיר אָנגעקומען און ווי גרינג איך האָב זי פאַרלאָרן (ש.־ע). אוי קינדערלעך איך האָב קיין ווייסע בולקע אינדערוואָכן קיינמאָל ניט געגעסן (ש.־ע.). אוי פּאָטער אוי פּאָטער ברויט מיט זאַלץ וועלן מיר עסן און אונזער מוטערס כשרן נאָמען וועלן מיר ניט פאַרגעסן (פ. ליד). ליוליגקע מיין פייגעלע ליולינקע מיין קינד וואו נעמט מען אַזאַ דאָקטאָר צו היילן מיר מיין וואונד (פ. ליד). די גאַנצע וועלט וועט פאַרברענט ווערן ווען עס וועט ניט גיין קיין רעגן זאָגן אַלע מיט שרעק (ספּ.). עס האָט אַ בליץ געטאָן גלייך ווי דער הימל האָט זיך געשפּאָלטן און אָפּגעטונקט די וועלט מיט פייער באַלד דערויף האָט אַ הילך געגעבן אַ דונער און זיך אָפּגערופן אַרום און אַרום מיט שרעקלעכע קולות ווי פון טויזנט האַרמאַטן עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטורימווינט.. יעדער באַזונדער האָט געקרעכצט געזיפצט געשריען איינער דעם אַנדערן מבלבל געווען ביז אַ שלאַקסרעגן האָט מיט אַמאָל איטלעכן פאַרשטאָפּט די מיילער (מענדעלע).

(2 קינדער־יאָרן.

פאַר דעם ציימל נעם מיך מאָטקע
איך וועל זיין דיין פערד
נעם דאָס שטריקל פאַר אַ לייצע
ס'שטעקל — פאַר אַ שווערד
מאַרש אַהין אויף יענע בערגלעך
אין די פרייע לופט
איצקע וואַרט שוין מיט אַ באַנדע
הערסטו ווי ער רופט
קינדער ניט פאַרגעסט די פייפלעך
וואָס איר האָט געמאַכט
פרעגט נאָר בערקען האָט ער אַלע
צווייגלעך שוין געבראַכט
מאַכט זיך גרייט צום לויפן קינדער
גיכער נו גאַלאָפּ
ווייטער ווייטער גייט עס שנעלער
פלינקער באַרג אַראָפּ
היט זיך. גיט צעברעכט די קריגלעך
רואיק מאַכט קיין גוואַלד
ווייסט איר וואו די יאַגדעס וואַקסן
אין דעם טיפן וואַלד
קינדער נעמט זיך פאַר די פּאָלעס
יודקע גיי פאַרויס
דאָ איז לייכט צו בלאָנדזשען קינדער
אונזער וואַלד איז גרויס (מאָריס ראָזנפעלד).

(3 ווי לאַנג וועט זייַן דער טאָג פאַרבאָרגן
וואָס הערט זיך וועכטער מיט דער נאַכט
דער וועכטער זאָגט: עס קומט דער מאָרגן
ווי לאַנג עס זאָל ניט זייַן די נאַכט

— — — — — —

אַז מען צאַפּט פון מיר דאָס בלוט אַרויס
און מען מוטשעט מיך פאַמעלעך
לאַך איך מיך פון מייַנע שונאים אויס
און גיי מיר גאָר א פרייליכעך
איך טאנץ ווי דער חתן מיט דער כלה
פליעסקעט פליעסקעט אַלע

לאָז מען מוטשען מיך אַפילו מער
זאָג איך דיר צו אוי פאָטער
איך וועל ניט פאַרגיסן קיין איינציקע טרער
איך הער זיי ווי דעם טאָטער

— — — — — —

שטאַרקער בעסער
די ראָד די ראָד מאַכט גרעסער
גרויס האָט מיך גאָט געמאַכט
גליק האָט ער מיר געבראַכט
הוליעט קינדער אַ גאַנצע נאַכט
די מיזינקע אויסגעגעבן
מאָטל שמעון
די אָרימע לייַט זייַנען געקומען
שטעלט זיי דעם שענסטן טיש
טייַערע ווייַנען טייַערע פיש
אוי וויי טאָכטער גיב מיר אַ קוש
די מיזינקע אויסגעגעבן
די מיזינקע אויסגעגעבן

(מאַרק וואַרשאַווסקי)·



# תיקון־טעות

| | | | | | שטייט: | דאַרף זיין: |
|---|---|---|---|---|---|---|
| זייטל | 3 | שורה | 1 | פון אונטן | לער מאַטעריאַל | לערנמאַטעריאַל |
| " | 12 | " | 11 | פון אויבן | מעבר ליען | מער בליען |
| " | 13 | " | 4 | פון אונטן | פאַרבייטערטע | פאַרברייטערטע |
| " | 16 | " | 15 | פון אויבן | צוברעכן | צעברעכן |
| " | 17 | " | 26 | „ „ | פאַרעוועז | פאַרעוון |
| " | 18 | " | 18 | פון אונטן | איטליכן | איטלעכן |
| " | " | " | " | " " | פאַסיגן | פאַסיקן |
| " | 19 | " | 1 | פון אויבן | הויב | הייב |
| " | 22 | " | 15 | „ „ | צוואוקס | צוואַקס |
| " | 24 | " | 20 | „ „ | רעביצין | רביצין |
| " | 25 | " | 21 | „ „ | טייכלעך | טייכעלעך |
| " | 27 | " | 6 | „ „ | איז | אים |
| " | 30 | " | 2 | פון אונטן | זיך מיט אַמאָל | זי מיט אַמאָל |
| " | 33 | " | 15 | פון אויבן | טראָפּ | טראַף |
| " | " | " | 11 | פון אונטן | פריסן | פליגן |
| " | 34 | " | 21 | פון אויבן | בעריאָזענע | בעריאָזעווע |
| " | " | " | 1 | פון אונטן | אַרויס זאָגן | אַרויסזאָגן |
| " | 35 | אין דערקלערונג 2 ב. | | | ע, ו, ל, | ע, וי, ל |
| " | 38 | " | 11 | פון אויבן | פרף | פרץ |
| " | 39 | " | 11 | „ „ | אויסדריק | אויסדרוק |
| " | " | " | 22 | „ „ | לויפעגעש | לויפעניש |
| " | 40 | " | 9 | פון אונטן | פאַט?ע, פאַט? | פאַטש ?ע, פאַטש ?ע |
| " | 45 | " | 19 | „ אויבן | רייידנדע | רייידנדיק |
| " | " | " | 12 | „ אונטן | אַן אַליינהילכער ע. | אַן אַליינהילכער. |
| " | " | " | 3 | „ „ | מחנות ווייז | מחנותווייז |
| " | 46 | " | 12 | „ אויבן | פענסט ר, | פענסטערל, |
| " | " | " | 16 | „ „ | קומע?ן | קומ?ן |

| | | | שטייט: | דאַרף זײַן: |
|---|---|---|---|---|
| זייטל 46 | שורה 18 | פון אויבן | פינקל?ט | פּינק??לט |
| " " | " 15 | " אונטן | וואַרעמע | וואַרימע |
| " " | " 12 | " " | שפּיל?לן | שפּיל?ן |
| " 48 | " 19 | פון אויבן | פּ?דער | פעד?ר |
| " 49 | " 12 | " " | הויז אַ | הויז איז אַ |
| " " | " 13 | " " | איינגעוויל?גט | איינגעוויל?קט |
| " 50 | " 10 | " " | ליפּצ?ן | ליפּ?ן |
| " " | " 15 | " " | ר'אוש חוד? | ראש חוד? |
| " " | " 10 | פון אונטן | ?וואכער?ן | ?וואכ?ן |
| " 54 | " 11 | פון אויבן | די וועג | די וועגן |
| " 55 | " 12 | פון אונטן | לאַנגן | לאַנגען |
| " " | " 1 | " " | טאַטן | טאַטען |
| " 56 | " 17 | פון אויבן | גלייבט | גלויבט |
| " 57 | " 17 | פון אונטן | בוימער |ביימער |
| " 61 | " 3 | פון אויבן | זיך שפּילט | זיך שפּילט, |
| " 62 | " 20 | " " | הויפּט־ווערטער | הויפּטגלידער |
| " " | " 16 | פון אונטן | טאַטן | טאַטען |
| " 63 | אומעטום אויפן גאַנצן זייטל | | גרונט־באשטימונג | גרונדבאַשטימונג |
| " " | " 11 | פון אויבן | זי צי ט ע ר ט פון שרעק | זי ציטערט פון ש ר ע ק |
| " 64 | " 18 | פון אונטן | נעמען | נאָמען |
| " 69 | " 11 | פון אויבן | טריבקן | טרינקען |
| " 77 | " 1 | " " | מאָט??לן | מאָטל?ן |
| " 78 | " 1 | פון אונטן | אָוונט שטראַלן | אָוונטשטראַלן. |
| " 79 | " 16 | " " | אָוונט ווינט | אָוונטווינט |
| " 81 | " 1 | פון אויבן | און אַלע | אין אַלע |
| " " | " 15 | " " | פּאַר וואָס | פּאַרוואָס |
| " " | " 17 | פון אונטן | קהל שטיבל | קהל־שטיבל |
| " " | " 1 | " " | פון לאנד | פונם לאַנד |
| " 82 | " 13 | " " | די בוימער | די ביימער |
| " 83 | " 5 | פון אויבן | דער סטאָליאַר | דער סטאָליער |
| " 86 | " 8 | " " | לויטן כלל | לויטן כּלל? |
| " " | " 9 | פון אונטן | גוים | גויים |
| " " | " 8 | " " | אידן | יידן |
| " 87 | אין אויספיר | | פּאָרנעמען | פּאַרנעמען |

